# די מלחמה אויף מיינע פלייצעס

## מאָנאָלאָגען און גראַמען

## צו דערקוויקען אידען

מאָדערנע הומאָריסטישע
דעקלאמאציעס און פאָר־
לעזונגען פאר דער ביהנע,
ראדיאָ, באנקעטען, פאר־
טיס, און גלאט פאר א
אידען אין דער היים.

פון עמנואל גובערמאַן

פיטסבורג, פא.

1943

# THE WAR UPON MY SHOULDERS

**Monologues and Rhymes**

By

Emanuel Guberman



Printed by the

Drob-Berger Printing Company

Pittsburgh, Pa.

# אינהאלט

## מאָנאָלאָגען:



## גראמען:

# א פאָרוואָרט אָהן הקדמות

דער שרייבער פּרעטענדירט ניט אז דאָס איז א ליטעראַריש־ווערק. די זאַך, ווי גרויס אָדער קליין עס זאָל ניט זיין אַן אַפּשפּיגלונג פון דעם אידישען לעבען, איז עס פּאָרט א ביישפּיעל פון דעם באַגעהר אויסצודריקען דאָס אידישע וואָרט, ספּעציעל ווי עס ווערט גערעדט איז אמעריקע.

זייט די לעצטע אכצעהן יאָהר, אין וועלכער צייט די טויערען פון יוראָפּ זיינען פארמאכט און דער שטראָם פון אימיגראַנטען איז אָפּגע־האַקט, האָב איך מיט א גרופּע פריינד מיטגעארבייט אין א דראמאטי־שען קרייז, און, ניט געקוקט אויף דאגות פרנסה און אנדערע שווע־ריגקייטען, האָבען מיר זוכה געווען פאַרצוברענגען די אידישע קלאַ־סיקער צווישען די אַנגעזעהענסטע אָרגאַניזאַציעס.

צום בעדויערען, האָט עטוואָס געפעהלט פאר דער בעפרידיגונג פון דעם אַלגעמיינעם עולם. אין יענע ווערק האָבען געפעהלט די פּאַ־סירונגען פון דעם היינטיגען טאָג, וואָס איז מעהר צום האַרצען. פיי־לייכט איז דער אינטערעס אין זיי אָפּגעשוואַכט געוואָרען דערפאר וואָס מיר זענען אין גאנצען אָדער האַלב אמעריקאַניזירט געוואָרען.

איך האָב געמאַכט דעם פערזוך צו שרייבען עטוואָס היינטיגעס — מיט איין וואָרט, וועגען די לעצטע געשעהעניסען, וועלכע ריהרען אונז אַן נעהענטער און שטאַרקער, מחמת מיר לעבען זיי אַליין איבער. און מיט דער הילף פון מיינע חברים איז דאָס פּרעזענטירט געוואָרען

אויף דער ביהנע. צוליעב דעם רושם וואָס עס האָט געמאכט איז דער פערלאנג אויסגעוואקסען אז דאָס זאָל ארויסגעבראכט ווערען אין דער עפענטליכקייט בכדי נאָך אידען זאָלען הנאה האָבען. א דאנק מיינע פריינד איז דאָס געוואָרען א ווירקליכקייט.

מיט פריידען און פרידען פאר אלע אידען.

—ע. גובערמאַן

# פרעדיקאמענט

## (רעדט אַ ביטער הארץ)

אמעריקע, זאָגט איהר, איז אַ פרייע מדינה? ווי פאר וועמען? נאָר ניט פאר מיר. פאר וואָס? ווייל איך בין אין א פרעדיקאמענט. איהר מעגט דאָס הערען. איך האָב מיך פשוט פיינט אליין צו לויבען, נאָר ווער ס'קען מיך פון יוראָפּ, ווייסט אז איך קום ארויס פון דער שענסטער פאמיליע אין שטעדטעל — דהיינו, פיני דעם האניוואטעס אן אייניקעל, דער שענסטער איד בא אונז אין שטעדטעל. דערפאר טאקע האָב איך זוכה געווען חתונה צו האָבען פאר שלמה דרייער. א קליינינקייט, שלמה דרייער! נאָר צו וואָס זיך אליין לויבען? עס איז ניט מיין טבע. נאָר פרעגט זיך אָן ביי מיינע לאנדסלייט, וועט איהר שוין הערען. איז יאָ. זיינען מיר געקומען קיין אמעריקע. מיינט איהר אפשר דערפאר וואָס מיר זיינען אנטלאָפען פון דזשייל, אָדער מיין שלמה פון די סאָלדאטען? חלילה, נאָר פשוט נישט געקענט קיין לעבען מאכען.

געקומען קיין אמעריקע, האָב איך זיך באלד אמעריקאניזירט, געדזשאָינט א סאָסייעטי און א ברידזש קלאָב, און זיך געביטען דעם נאָמען פון שלמה דרייער אויף סאָל טוירנער.

טרעפט זיך אָט־וואָס, איהר מעגט דאָס הערען. „איף נאָט, אי עם גאָאינג טו באסט" פאר וועהטאָג.

נעקסט־דאָר צו מיר וואוינט איינע א ברענדע, די רעד־העד. ס'הייסט, זי הייסט אזוי ברענדע ווי איך קעטרין. זי הייסט בסך־הכל בראנע, און איז אזוי א רעד־העד ווי איך א געלע. נאָר „וואט דו אי קעהר? איי מיינד מאַיי ביזנעס." רופט זי מיך, די בראָנדע, אריבער צו זיך צו א פּניקער גיים. וואָס איז? ס'פעהלט איהר אוים א האנד. אז א האנד זאָל איהר געווען פעהלען, רבונו־של־עולם, איידער איך האָב זי גאָר דערקענט. געה איך. איהר ווייסט נים, „גוד נייבאָר פאַר־

„ליסי, לייק אור דיער פּרעזידענט סעיז”. שפּילען מיר. אז שפּילען זאָל איהר געווען פּייפּאלעך אין האלז, ווייל זי האָט מיך געמאכט צו דער בלאָטע. וואָס איז? איך האָב נישט איבערגרייזט מיט פערמאכטע „אייסעס”.

— דו שאַרק — זאָגט זי — וואָס דו ביזט!

איך שווייג.

— דו זיצסט אויף דיין איך בעט דיר איבער און זוכסט סאָקערס.

איך שווייג ווייטער, נאָר ווען זי האָט מיך אָנגערופען גרינהאָרן, און נאָך „עליען” דערצו. האָט דאָס שוין מיך פערדראָסען.

— איים עסקינג יו. איז איט מיי פאָלט, דעט מיי סאָל איז אָל־ווייז ביזי מייקינג א ליווינג, און דידנט העוו טאים טו טייק אָוט סיטי־זען פּייפּערס, און ווי העד טו גאָו טו טייק אור פינגער פּרינטס?

זאָג איך צו איהר:

— איז זעטס סאָ? איים דזשאָסט א פּייטריאָט עז יו! ווער האָט סינס פּוירל־הארבאָר אוועקגעגעבען מעהר אלומינום דישעס צום סקרעפּ דרייוו, יו צי איי? און ווער האָט געקויפט מעהר באָנדס, יו צי איי? אָווקאָס מי. די אָנלי טינג יו דיד מאָר דען מי איז יו אָרדערט מאָר שוגאר מיט קאָפי.

זאָגט זי: וואָס איז? זי בעלאַנגט צו די יו־עס־אָו.

זאָג איך:

— טע . . טע . . טע. דעטס נאטינג. — מיי האָזבענד אלזאָ בעלאָנגס טו די סי־איי־אָו און הי בעלאָנגד טו די ען־אר־איי און איף הי וואָוד וואָנט טו הי קוד בעלאָנג טו די דאָבעליו־פּי־איי.

האָבען זיי זיך שטארק צעלאכט. דאָס גליק איז געווען וואָס מיינע איז אָנגעקומען, און מיך אהיים געשלעפּט.

— וואי דידנט יו סיי סאמטינג? וואט קיין אָוו איי מען אר יו? יו — יו — יו — וואט אר יו, א מען אָר א מאוז?

זאָגט ער:

— ווייסט אוים, דארלינג, א מען, בעקאָס יו אר אפרייד אָף א מאוז!

פרעג איך איהם:

פרעדיקאמענט

— וואָס איז דאָס פאַר אַ ווערטער? סי־איי־אָו, יו־עס־אָו, און באַך אַזעלכע ווערטער?

זאָגט ער צו מיר:

— דאַרלינג! נאָבאַדי נאָוז! ס'איז אַ מלחמה. די אָנלי וואָן דעט נאָוז איז מייבי די עף־בי־איי. ס'איז געקומען אַ צייט וואָס די געלע אפילו זיינען גרינע. מען ווייסט ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט דו ביזט. דו לעגסט זיך מיט די ווייווס, און שטעהסט אויף מיט די וועקס—

— גער, גער בעסער שלאָפען.

אוי, אלעם הייסט געשלאָפען. אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געבאָמבעלט איי־איי־עפּס מיט אַר־איי־עפּס. אויף היטלער'ן געזאָגט געוואָרען, רבונו־של־עולם!

נו פרעג איך אייך, בין איך ניט אין אַ פּרעדיקאַמענט? אַ פרייע מדינה זאָגט איהר אַמעריקע איז? ווי פאַר וועמען, נאָר ניט פאַר מיר. בעליוו מי.

איהר זעהט דאָך!

ענדע

# א אידישע ברכה פאַר היטלער'ן

(רעדט אַ אידענע — ספּעציעל)

אוי. (זיפצט) צרות, דאכט זיך, א פּשוט וואָרט, נאָר איך דענק אז דאָס איז בעשאפען געוואָרען צוזאמען מיט אונזער אידיש פאָלק, ווי להבדיל א צווילינג. מילא, פון אמאָליגע צרות איז ניט כדאי צו רעדען. צו וואָס דערוועקען אלטע וועהטאָגען? נאָר פון היינטיגע צרות איז דווקא יאָ כדאי צו רעדען, ווייל אז מען רעדט, רעדט מען זיך אראָפּ אביסעל פון הארצען.

למשל, נעהמט דעם ימח־שמוניק, היטלער, דעם רשע, וואָס מיר אידען זיינען פאררעכענט בא איהם דאָס אויבערשטע פונ'ם שטייסעל. וואָס זשע קענען מיר אידען טהון? שעלטען מיר איהם, דהיינו, אז ער זאָל לעבען און זיך מוטשען, און צוזעהן ווי אונזערע אידען ווערען סוף כל סוף אויפגערעכט, און ער זאָל 'צופּיקעט ווערען. אייניגע ווינשען איהם צו ווערען א לאָמפּ, אז בייטאָג זאָל ער הענגען, ביינאכט ברענען, און פארטאָג אויסגעהן. איך, זעהט איהר, וויל איהם בענשען מיט א שפּאָגעל נייע קללה — דהיינו, אז ער זאָל אריין אין די גראָסערי ביזנעס. דאָס הייסט, זיך האָבען א סטאָרקעלע, און דווקא צווישען אידען; דאָס הייסט, פאר קונים זאָל ער האָבען עקסקלוסיוו אונזערע אידישע ווייבער. פערזיכער איך אייך אז זיי וועלען שוין זעהן אז ער זאָל פּאַמעליכקע שוין אָננעהמען די אַפּאָפּלעקציע.

פון וואַנען איך וויס דאָס? ווייל איך האָב א סטאָרקע. אי איך און מיין מאן מיט די קינדער זיפּען נאָך? דערויף זיינען מיר דאָך אידען און זיינען געוואוינט זיך צו פּלאָגען, און בכלל פארשטעהן מיר אונזעריגע בעסער ווי די ערילים. אָבער דער רשע, אסור — די גאָל וועט איהם פּאמעליך אויסגעפוילט ווערען—

הערט זיך איין בלויז צו א פּאָר געשעהענישען און זייט איהר מיין עדות.

אָט קומט אריין צו מיר אין סטאָרקע איינע א דזשעני. וואָס איך קען איהר פאר שיינדלען דעם לאָוד ספּיקער.

ווי קאָן דאָס אנדערש זיין? ס'מוז זיין דזשעני, ווייל שאפּינג קומט זי אין סלעקס מיט א סיגארעטעל אין מויל, און טראָגט לאַנגע רויטע נעגעל „וואָס פּאַסען איהר טאָקע" — גרייט אויסצודראַפּען יעדען די אויגען. רעדען רעדט זי גאָר אויף ענגליש כאָטש זי קען ניט, און רעדט פאַמעליך, אויסגעצויגען, כאָטשע זי איז ניט קיין קריכערקע.

— וויפיעל זייגען שוין היינט אייערע שמאַלץ הערינג? עס שטעלט זיך באַ אייך אויף אַלע טאָג. — אַזוי וועגדעט זי זיך צו מיין מאַן אָשר־זעליק'ן, וואָס קוקט אויס גרין ווי גראָז, כאָטש ער איז שוין אריבער דרייסיג יאָהר אין לאַנד.

— פופצעהן סענט! — ענטפערט ער.

— אַזוי גאָר! וואָס זשע, דאָס ריישאַנט מען שוין אויך, ווייל מען דאַרף דאָס פאַר דער אַרמי? עס מעג שוין זיין צוויי פאַר א קוואָדער.

— נו, און מאַסלינעס האָט איהר ניט קיין בעסערע ווי די וואָס קוקען אויס ווי ציגענע . . . ?

— ניין! — רייסט איהר איבער מיין אָשר־זעליק.

— נו, און עפּעס א האַלב פונטעל טהיי כאָטש? — פרעגט ווייטער דזשעני.

— דזשעני, — רוף איך מיך אָפּ, — איך אליין האָב דיר ערשט נעכטען געגעבען א האַלב פונט טהיי?

— נו, איז וואָס? איז איט מיי פאָלט אַז סינס די געז ריישאַן לינט מיינער איבער אין הויז, עסט הערינג און טרינקט טהיי א סך?

— איך האָב ניט מעהר, — זאָגט מיין אָשר־זעליק. — איהר נעהט דאָך.

— נישקשה, איהר מעגט זיך מטריח זיין און מיר ארויפברייגגען פונ'ם סעלער אייערען, ווי איהר בעהאַלט דאָס. — דאַנט בי סאָ לייזי!

מיין אָשר־זעליק ענפערט ניט א וואָרט, ווי גלייך ניט איהם מיינט מען עס.

— נו, און עפּעס א דריי פונטיג קענדעל קריסקאָ? איך גלייך ניט קיין ספּראי.

— זאָרג זיך ניט, דזשעני, — זאָגט ווידער מיין אַשר־זעליק.
— דאַרפסט זיך ניט ערגערען. איך האָב ניט קיין ספּראַי און ניט קיין קריסקאָ.

— וואָס פאַר א סטאָר איז דאָס? גאָר ניט האָט איהר! — זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס האָט איהר יאָ?

אין דערזעלבער צייט כאַפּט זיך דזשעני אריבער צום פּרוכט סטענדעל?.

— וויפיעל איז אייער סעלערי?

— צעהן פאַר די גרעסערע, און פינף פאַר די קלענערע, — ענט־פערט מיין אַשר־זעליק פון'ם פעסעל הערינג ארויס, אויסגלייבענדיג זיי פון דער רעוואָלוציע וואָס דזשעני האָט דאָרטען אָנגעמאַכט.

דערוויילע רייסט זי אראָפּ דאָס גרינס פון דער סעלערי, און וואַרפט עס אַוועק אין א ווינקעל.

— עס האָט ניט די ווערט, נאָר איך וועל אייך געבען א ניקעל.

— דאָס זיינען אָבער די דייעמדיגע.

— ס'מעג זיין א ניקעל. עס איז נישט גרעסער פון די ניקעלדיגע.

דאָ קומט אריין א צווייטע, וואָס איך וואָג ניט איהר נאָמען צו דערמאָנען, בכדי ניט אריינצופאַלען אין איהר מויל אריין. בלויז איין זאַך מוז איך באַמערקען: אז זי איז א רויטע, און רעדט מיט א גראָב הייזעריג קול ווי א מאַנסביל.

— איך וויל א האַלבע טשיקען, בוטשער! און א ווייכערע ווי לעצטע וואָך, וואָרים איך האָב זי צוגעשטעלט און בין אַוועק שפּילען ברידזש, און ווען איך בין שפּעט אהיים געקומען איז זי נאָך געווען האַרט ווי א שטיין . . . וויפיעל וועט קאָסטען דאָס האַלבע טייבעלע?

— א דאָלאַר פינף און זיבעציג. פופצעהן סענט פאַר שחיטה, איז א דאָלאַר ניינציג. א האַלבס — 95 סענט.

— איהר האָט דאָך שוין ארויסגעקראָגען אייער שחיטה פון דער ערשטער האַלבער טשיקען! וואָס עפּעס צוויי מאָל?

— הכלל, לאָז שוין זיין ווי איהר זאָגט.

— איינס פינף און זיבעציג. א האַלבע איז, הייסט עס, 87½ סענט. און איך וועל זיין א ספּאָרט און אייך גיבען 90 סענט.

## א ברכה פאַר היטלער'ן

א דריטע פרוי וויל אז דעם בוטשערס ווייב זאָל זי הערען שרייט זי אויף א קול:

— פאר וואָס פאר מיר האָט איהר קיינמאָל קיין פלייש, און מיין נייבאָרטע קריגט עס פון אייך די שעהנסטע קאטס? אייל טעל יו וואי — בעקאָס זי איז א שעהנע, און שמייכעלט זיך אונטער צו אייך, און לאָזט זיך א גלעט טהון.

א פערטע שרייט:

— דאָס איז אייער צייט. איהר זענט זיך נוקם אין די פרעמדע קאָסטימערס, און האָט פארשיאליטי פאַר אייערע סטעדי קאָסטימערס. אַלע גוטע זאכען בעהאלט איהר פאר זיי, און איהר שטאָפט זיך אָן פלענטי: איהר נעהמט ארויס די לעבער פון די קאָסטימערס און פערקויפט זי זיי צוריק. — וועיט, די צייטען וועלען זיך בייטען. איך וועל שוין וויסען ווי צו ספענדען מיינע פאָינטס. נים אלע צייטען זיינען גלייך. מיר וועלען אמאָל רייטען אויפ'ן פערד.

אזא סדרה געהט אָן פון כאור־הבקר ביז שפעט אין דער נאכט.

פרעג איך אייך, דארף מען שעלטען דעם רשע היטלער'ן מיט קללות אלערליי? איז ניט בעסער איהם ווינשען ער זאָל אריין אין די גראָסערי ביזנעס, און דווקא צווישען אידען? מיט אונזערע אידישע ווייבער פאר זיינע קאָסטימערס עקסקלוסיוו פערזיכער איך אייך אז זיי וועלען שוין זעהן איהם מקצר זיין די יאָהרען זיינע פאר שור! — אפשר ניט, האָ? ווי דענקט איהר?

ענדע

# מזל, בלויז מזל דאַרף מען האָבען

## אַ מעשה מיט אַ קען

אַ סעלעבריטי מיינט אַ פּערזאָן וואָס טהוט אויף עפּעס אויסער־געוועהנליכעס, ווי למשל, אַ דאָקטאָר, אַ מיליטערישער העלד, אָדער אַ רעקעטיר, א. א. וו.

די צייטונגען שרייבען וועגען איהם. אויף דער ראַדיאָ הערט איהר פון איהם, ווי אויך אין גאַס פון אַלט און יונג; און מעג דער פּארשוין האָבען אפילו אַ משונה'דיגען נאָמען, וועט איהר איהם שוין געדענקען.

קינדערלאך אין סקוהל פאר יאָהרען מוזען זיך ברעכען די ציינדלאך צו געדענקען דעם נאָמען מיט אלע זיינע משונעת'ן, ווי ער האָט זיך אויפגעפיהרט אין לעבען.

אָבער ווער אין דער וועלט וואָלט זיך געווען געגלויבט אז אַ קען, אַ פּשוט'ע פּושקע, זאָל פּלוצים אין איין שמיי־דריי דיר ווערען אזא וויכטיגקייט, וואָס מענשען זאָלען מאכען פון איהר אזא טאַראראם! איך ווייס? די קענס וואָס איך קען — איך מיין, וואָס קומען ארוים פון אידישע סטאָרקעס ווערליג איך געדענק זיי, זיינען ניט די ווערט אפילו מען זאָל פון זיי רעדען, ווייל זיי זיינען געווען קוויטיגע, צובויגענע, פערזשאַווערטע, מיט אָבגעריסענע לייבעלס, זעהר פון אַ קליינעם יחוס, כאָטש אייניגע פון זיי פלעגען דווקא אמאָל זיך בלאָזען אביסעל. אָבער אַ וועזען פון זיי האָט קיינער געמאכט.

טרעפט זיך אָט־וואָס. ווי אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען נאָך אַ נאכט וואָס האָט זיך דיר ניט אפילו גע'חלומ'ט טהוט אַ זאָג אָנ־קעל סעם אז די קען, איך בעט אייך איבער, איז זעהר אַ וויכטיגע פּאר־שוין, און אָהן איהר קען מען שוין גאָר ניט לעבען.

נו, מילא, אז אָנקעל סעם זאָגט, זאָגט ער. אויף דעם קען קיין טענות ניט זיין.

## מזל, בלויז מזל דארף מען האָבען

האָט מען, ראשית, אוועקגעשיקט דעם עולם אין סקול אריין, איהם געלערענט ווי זיך נוהג זיין צו גיבען א פּאָר פּאָינטס, און איהם אָפּגעשיקט אהיים.

יעצט פאנגט זיך אָן א סדרה מיט דער קען. מען ציטערט איבער איהר ווי נאָך א קינד וואָס איז געבוירען געוואָרען 25 יאָהר נאָך א חתונה צו זייערע עלטערען.

ערשטענס, איז מען זיך מישב ווען זי צו קריגען היינט אָדער מאָרגען, אָדער גאָר קומענדע וואָך. און ווען מען קריגט זי שוין יאָ, נעהמט זיך צוזאמען דאָס גאַנצע הויזגעזינד פאר א קאָנפערענץ. מען בעקוקט זי, מען גלעט זי, און מען בעהאנדעלט זי מיט דרך־ארץ. דהיינו, מען וויל וויסען וויפיעל זי וועגט, פון וואנען זי שטאמט, ווער איהר טאַטע איז, און גלאט פון וואָס פאר א משפחה זי קומט ארויס. און נאכהער ערשט באשליסט מען, נאָך א מעהרהייט אָפּשטי־מונג, ווי אזוי אין פריידען זי אויסצונוצען, פאר א וועלכער וויכטיגער אָקייזשאָן.

היינט, פרעג איך אייך, פארקעהרט, זאָגט מיר: דארף מען זיין אָן אויפטהוער, א העלד, א סעלעבריטי, ווי איך האָב צום אָנפאנג דערמאָנט, מען זאָל זוכה זיין פון דיר צו רעדען און דיך אריינשרייבען אין דער וועלט געשיכטע — אז ווען א קען קען? איך זאָג אייך אז ניין, מען דארף בלויז מזל האָבען — מזל — דעטס אָל!

ענדע

# אַ צאָהן אויף געז

אנומעלט קריג איך א שטאַרקען צאָהן וועהטאָג, לאָז איך זיך אוועק צו מיין דענטיסט, וועלכער האָט גרויס אָבשיי פאַר מיר, ווייל שטענדיג קוקט ער מיר גלייך אין מויל אריין.

ער בעטראַכט מיך, און איידער איך וויל אויפעפענען מיין מויל, זאָגט ער מיר אָן אז מיין יתום דער צאָהן, וואָס האָט זוכה געווען איבערצולעבען די איבעריגע, איז נאָך שטאַרק גענוג, און מען מוז איהם ארויסדזשעקען אויף געז.

— גאָ אהעד, זאָג איך, א שמאַטע צו דער גאָז, און נאָך איידער איך קען א שמייכעל טהון צו דער נוירס, אהא, איך מאַך צו אן אויג. מיט'ן צווייטען אָבער קוק איך זיך צו אויפ'ן סך־הכל וואָס מען מאַכט פון מיר.

איך זעה ווי מיינע נישטערט אין די דראָערס צווישען מיינע, סודות'דיגע בריוואלעך מיט'ן ביכעלע פון די אדרעסען.

אויף מיין גליק, קומט אָן איהרע א פריינדינע וואָס בעלאַנגט מיט איהר אין איין קלאָב, פון קאָרטען שפּילען, דעם דינסטאָגדיגען. און מיינע צעוויינט זיך. פאַרקלעמט מיר דאָס הארץ. איהר ווייסט ניט, בטבע בין איך א ווייבער, כאָטש א קאַפּריזנער, און עס האָט מיר באַנק געטהון פאַר וואָס איך פלעג זיך אמאָל אויף איהר אויסשרייען.

איהר פריינדינע וויל איהר אויסרעדען דאָס הארץ, שלאָגט איהר מיינע איבער מיט די דאָזיגע דיבורים:

— הי פּרואוווד הי וואָז סעלפיש. וואוד יו בעליוו איט, אָנלי 5000 דאָלארס אינשורענס הי לעפט פאָר מי און 5000 דאָלאַר פאַר די טשילדרען. הי דידנט טראָסט מי. מייבי אייל מערי א יאָנג פעלאָו! נאָו וואָט עם איי גאָאינג טו דו?

איך ליג אין געהאקטע וואונדען און זאָג ניט א וואָרט, כאָטש מיין טבע איז ניט אָפּשווייגען יענעם. נאָר איך וויל זעהן מיין סוף.

דער אנדערטייקער קומט אריין. זי דינגט זיך מיט איהם צו מאַכען וואָס ביליגער, ווייל זי איז געבליבען אַן אָרימע אלמנה. הייסט מיך נעהמען צו איהם אין פאַרלאָר. ווייל זי וויל ניט די קינדער זאָלען זיך דערשרעקען.

## א צאָהן אויף געז

א פּאָר געזונטע זשלאָבעס טהון מיך א טאַסקע אַרויס, אריין אין וואָגען, און גוד־באַי. מענשען אין גאַס קוקען ניט אין מיין זייט, געהן זיך אָן מיט זייערע ביזנעס, ווי גלייך גאָרניט.

ביים אנדערטייקער האָט מען מיך, נאָכדעם ווי מען האָט מיך אויסגעפּוצט אין מיין יום־טוב'דיגען סוטעל, אויסגעלעגט שעהן, און מיינע פריינד און בעקאַנטע האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט מיר געבען א לעצטען זיי־געזונד.

ווען איך זאָל זיך וועלען אריינדרינגען אייך נאָכצודערצעהלען די שבחים און ליגענס וואָס מען האָט דאָרט געזאָגט אויף מיר, וואָלט דאָס גענומען א וואָך צייט, און איך ווייס אז איהר אלע זיינט פאַר־נומענע מענשען.

היינע, א ווייבעל, וואָס וויל גראַדע איהר נאָמען ניט דערמאָנען, איז צוגעגאַנגען צו מיין קאַסטען און געלאָזט א טרעהר. קומט צו איהר מאַן און זאָגט איהר אויפ'ן אויער שטילערהייד:

— טייק א גוד לוק עט הים. יו אָלוויז טאָט דעט הי איז א לע־בעדיגער יונג. קאָנווינס יורסעלף. ער איז טויט, מיט אלע טויטע!

טראַכט איך זיך, דען און נאַו, אז דאָס וועט זיין בא מיר דער ערשטער בחור אויפ'ן ליסט, וואָס איך וועל ביינאַכט קומען וואַרגען, און זיין ווייבעל גלעטען

א צווייטע ווייבעל, אויך א שעהנע, פערגנב'עט א קוק אויף מיר יעדעס מאָל ווען איהר מאַן פערקוקט זיך, פּונקט ווי זי פלעג עס טהון צו מיר לעבעדיגערהייד. אָבער דאָס מאָל רויטעלט זי זיך ניט מעהר. דאָס האָט מיר באַנג געטהון ווייל דאָס פלעג איהר פּאַסען, און איך האָב באַלד אָנגעזעהן דעט איי עם לוזינג מיי גריפּ.

איך קוק זיך ווייטער אַרום, און עס טהוט מיר הנאה וואָס אין א פּראָסטען מיטוואָך זיינען אזוי פיעל אָנגעזעהענע מענשען מיך גע־קומען באַגלייטען. איך זוך מיין אידענע מיט א האַלב אָפּענעם אויג, אז עס הויבט מיר שיער ניט אָן טרעהרען. איך דערזעה זי אין א קאָרנער אויסגעפּוצט ווי אויף א חתונה, מיט צוויי רויטע, פערוויינטע אויגען, אַרומגערינגעלט מיט אלע פריינדינעס, פונ'ם דינסטאָגדיגען, דאָנערשטאָגדיגען און זונאָגדיגען קאָרטען קלוב און מען טרייסט איהר.

— דאָנט וואָרי, יו דאָנט רימיין אַלאָון. ווי וויל טייק קעהר אָוו יו.

טראַכט איך זיך: יעס, וויפיעל מאָל זיי וועלען איהר איבער־רייזען מיט פלאַשעס, זאָל איך האָבען די גוטע יאָהר. נאָר א ברירה האָב איך. איך מוז שווייגען.

פלוצים צעוויינט זיך מיינע אויף א קול, און זאָגט דעט הי וואָז די בעסט האַזבענד עי וואָומען קוד וויש פאָר, און הי וואָז גוט טו הויר, און אַלע גלויבען איהר און וויינען מיט אויף איהר קוקענדיג.

מיך בערירט עס בא דער פיאָטע, ווייל איך קען די טרעהרען. פונקט די זעלבע וואָס פלעגען בעוויינען דאָס שטיקעל דרעסקע וואָס זי האָט ניט. אזא לשון פלעג זי אויסנוצען:

— א שטיקעל דרעסקע.

נעבייך וואָלט זי געוויינט נאָך א גאנצע דרעסקע! קיינמאָל ניט! דאָס האָט זי געירשנ'ט פון איהר מאַמען, מיין שוויגער, איהר צו לענגערע יאָהרען.

דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אז איך וועל זיך מוזען בעגעגענען מיט מיין שווינער! בענייעס א קאָן! האָב איך א ציטער געטהון, און זיך אויפגעכאפט מיינוס א צאָהן און א פינפעריל אין פאקעט. א האלב שיכור'ער בין איך אוועק אַהיים.

מיינע באגעגענט מיך, און פרעגט מיך קאלטבלוטיג:

— וועל, האָו וואָז איט?

זאָג איך:

— איך בין שיער געגאנגען א גאנג, ווייל איך האָב דערזעהן יענע וועלט.

— נאָט סאָ פעסט, — זאָגט זי. — יו העווענט גאָט אינאָף אינשורענס, טו מייק די טריפ.

א דערשראָקענער קוק איך איהר גלייך אין די אויגען.

— געה לייג זיך בעסער צו אביסעל. יור געזט. דאָנט וואָרי. אז מען שטאַרבט ניט פון האָבען קינדער, איז פון ציין וועהטאָג אוודאי ניט.

ענדע

# א באגעגעניש פון צוויי אידענעם

סאָסי און דאָבע. (די ערשטע הייסט אַמאָל סעסיליע)

אויף א ביזי בלאָק אין גאס, אויף א סיידוואָק, ווערט א בלאָ־קייד פון צוויי ווייבער, ווען איינע שרייט אויס:

— העלאָ, דאָבע! דזשי, האַו העפּי איי עם טו סי יו. סינס יו מואווד אוועי פראָם די נייבאָרהוד, איט לוקס לייק א סעמעטערי. בעליוו מי, ווי אַר אָל סאָרי וואַי מיר האָבען זיך געקריגט אמאָל. פאַר וואָס איך קום דיך ניט וויזיטען? יו וואולדנט בעליוו מי! אַי דיד!

— האָסט מיר, דאכט זיך, געהייסען נעהמען די סטריט קאר נו־מער 18 צו דיר. נו, פארפאָהר איך דער רוח ווייסט וואו. ווייל, בא מיסטייק, האָב איך גענומען קאר 81. ווייסט אוים אז אויף דער עלטער דערזעהט מען נישט אביסעל. אז בלינד זאָל עס מיר ווערען היטלער מיט מוסאָלינטשיקען, מיט דעם יאפּאנטשיקען אונטערגעשלאָ־גען! רבוש״ע! וויפיעל קינדער איך האָב איצט? וואָס הייסט ווי־פיעל? ווי האָסטו עס געזעהען צופיעל קינדער בא א מאמען? נישטאָ קיין צופיעל, לאָזען זיי מיר אלע לעבען און געזונט זיין. נעהם, למשל, דעם עלטערען מיינעם, דזשאָו. האָט ער שוין געגרעדזשואייטעד, און איז 6 פוס הויך און ארבייט שוין אין א דראָג סטאָר. קיין פּעני זעה איך נאָך נישט פון איהם, נאָר איך וועל דיר זאָגען דעם אמת: איך בין צופרידען וואָס ער באַדערט מיך ניט פאר ספּענדינג־מאָני. ווייסט דאָך, היינטיגע קינדער דארפען, קיין עין־הרע, האָבען פּלענטי.

— היינט, נעהם מיין חיה בעטי. נאָך דער באבע חיה־באסיע, איהר צו לענגערע יאָהר, הייסט זי. געדענקסט דאָך מסתמא, אָט די קליינע מיט די קלייען, וואָס פלעג איהר תמיד רינען פון אַן אויערעל? זאָלסטו זעהן א מויד! א בייבי־דאָל! געראָטען אין מיר. נאָר וואָס דען? די צרה איז וואָס סקול ליגט איהר ניט אין קאָפּ. ווי אַזוי רעדען קען דאָס אנדערש זיין, אז טאָג ווי נאכט דרעהט זי זיך אויפ'ן קנא־

פעל ביים שפּיגעל? דערפאַר האָט זי טאַקי געוואונען דעם פּרייז אין דזשידערבאָג. יאָ, יאָ, דאָבעניו, די היינטיגע מיידלאַך זיינען ניט ווי אמאָל. עפּעס גאָר קיין מיידלאַך ניט. האַלבע מאַנסבילען, זאָג איך דיר. טראָגען פּענטס, רויכערען סיגאַרעטלאַך, און קוים זאָגסטו זיי א וואָרט ביזטו אַלד־פעשאַנד. הלואי העלפט מיר שוין גאָט עפּעס א פיינעם שידוך פאַר איהר. וואָס מיין לייזער מאַכט? צי ער איז נאָך אַלץ א פעדלער? מיט וואָס? מיט צרות קען ער פעדלען! ווי קען מען דאָס יעצט קריגען מויטשינדייז, עספּעשעלי אָהן א קאַר דערצו? ווייסט דאָך, אז ער איז פטור געוואָרען פונ׳ם שעוואַלייקאַלע, איבער די טייערס טראָבעל. איז מילא מיט דער קאַר פלעג ער מאַכען וואַסער אויף קאַשע, ווער שמועסט נאָך אָהן דעם טאַראַבייקאַלע! נו, וואָס זשע דענקסטו טהוט מיין שלים־מזל? גאָרניט, נאָר ער זעצט זיך אוועק אין הויז, ווי גלייך מיר זיינען ערשט נעכטען אהיים געקומען פון דער חופּה. העלפט מיר וואַשען דישעס, אויפראָמען, שלאָפט שפּעט, און עס גלוסט זיך איהם נאַרישקייטען . . . הכלל, דאָבעניו, וואָס האָסטו צו קלערען, איך האָב געמוזט מיין ברידזש איבער איהם אויפגעבען. הי וואָז באַסטינג פאַר ווערהטאָג. שריי איך צו איהם: „וואָי דאָנט יו פיינד א דיפענס דזשאָב עפּעס אין א פעקטאָרי? ס׳איז דאָך מלחמה צייטען. זיי א „פּייטריאָט”, זאָג איך. אפשר ניט געוואָרען גערעכט? ענטפערט ער קאַלטבלוטיג, ווי גלייך ניט איהם מיינט מען:

— איי וויל סטאַרוו בעפאָר איל וואָרק פאַר סאַמבאַדי. איי אָלוויז וואָרק פאַר מייסעלף.

זאָג איך:

— נו, נו. לאָז שוין זיין ווי דו ווילסט. אָבער שייק א לייג.

סקאָמפּאַניעט ער זיך מיט נאָך א שלים־מזל ווי ער. עפּעס אן אינווענטאָר, וואָס ווייסט דיר פון אַלעמען אויף דער וועלט, אפילו ווי מען מאַכט עס געלט אין וואַשינגטאָן, כאָטש אליין איז ער געבראָכען און נאַקעט ווי די מאַמע האָט איהם געהאַט. פרעג איך איהם, דעם דזשיניוס:

— וואָס געהסטו עפּעס אזוינס אינווענטען?

ראַמט ער מיר איין א סוד, איי שוד קיפ איט א סיקריט. אזוי ווי עס גייט צו זומער, געהט ער אינוועסטען א ליקוויד אַזאַ. מיינסטו באַטש, דאַבעניו, א ליקוויד צו געווינען די מלחמה פאר אונז? חלילה! נאָר וואָס דען? צו הרג'ענען פליגען! הכלל, וואָס האָסטו צו קלעה־רען, דאַבעניו? ס'איז נישט אזוי איי־איי־איי בא מיר. ווער עס איז מיך מקנא, זאָל עס איבערקומען אויף מיר.

— ווי אזוי איך קום אוים מיט די רעישאָנס? נישט צום פאַרזיינדיגען. פאר ווען ס'איז א קללה, נאָר פאר מיר איז דאָס א ברכה, ווייל איך האָב זיך שוין לאנג געקליבען געהן אויף א דייעט. נאָר דער יצר־הרע צו דער אכילה איז פשוט גרוים. איכ'ל דיר זאָגען דעם אמת: יעצט בין איך א צופרידענע, ווייל מען מוז דאָך זיין עקאָ־נאָמיקעל. דאָס איז דיר נומער איינס. און צווייטענס, וועל איך מיר קענען וואַטשען דעם דייעט וועגען מיין שייפ טאַקע, ווייל קלענערע סייזעס דרעסעס איז טאַקע פשוט ביליגער, און גרינגער צו קריגען. אוי, וועה איז מיר! אלבעטשו די טשיקען וואָס איך האָב צוגעשטעלט איז מיר שוין אַרוים פונ'ם טעפעל! גרים דייניגקע פון מייניקע און גיוו מי א קאָל סאַמטיימס. אייל טעל יו די רעסט לייטער. מיין טעלעפאָן נאַמבער איז הייזעל . . . הייזעל . . . הייזעל . . . איך גע־דענק ניט צי 9447, צי 4947, אָדער אפשר 7494. עניוועי, איטס די קאָמבינעישאָן. טריי זיי אלע ווען דו וועסט מיך שוין קריגען. און איי וויל טעל יו די רעסט — גוד־באַי!

ענדע

# א וואָומענס אַרגומענט

ווען א וואָומען קאָמפּליינס, דארף מען זי ניט בליימען. דאָס איז איהר פּריווילעדזש. שי מאסט ליוו אַפּ טו הויר רעפּיוטיישאָן דעט א פרוי האָט ניין מאָז רייד.

איך מיין, חלילה, נישט בעליידיגען די שוואַכע סעקס. איט איז נאָט מיי העביט טו טייק אדוואַנטעדזש פראָם נאָט מיי איקוואַלס.

באָט אין דים אינסטאַנס געה איך מענשינען מיי אָון וויף, און איף יו עסק מי, שי איז פּוירפּעקטלי רייט.

איהר קאָמפּליינט איז:

— איים מעריד טו יו פאר 25 יאָהר אָלרעדי.

— סאָ וואט? דאָנט יו לייק די סייל? מייבי יו וואָנט טו בעק אוט?

זאָגט זי:

— איי וויש איי קוד.

פרעג איך?

— וואָטס די טראָבעל אָל אָף א סאַדען?

זאָגט זי:

— איטס נאָט סאַדען. איטס א 25 יאָהר אפעיר.

אָנלי הארד לאָק: שי העד גוד טשענסעס, און שי דידנט טייק דעם.

— איי קוד העוו מעריד פּלענטי פעלאָוס, וואָס טאָדיי דעיר וויייוס ליוו לאַיק קווינס. דעי אַר אָן די טאָפּ אָף די וואָרלד.

— האָ? יו מיען דעי ליוו אָבסטעס, און יו דאַנסטעס?

— יעס! יעס! — שרייט זי; — דעי ליוו אַפּ און איי ליוו דאָון אין דער ערד!

— יו שוד סי ווער דעי ליוו! די נייבאָרהודס און די שעהנע אַפּארטמענטס מיט אַלעם גרייטען. טרייבען מאַשינען, בעלאַנגען צו

קלאָבס, שפּילען ברידזש און מאַ־דזשאָנג, און זיינען בעהאנגען מיט דזשולערי, און זיינען אָהן זייערע מענער — אפשר איין מאָל א וואָך! און איך?

— וואוין צווישען שחורים; ניאנטשע א פוירנים וואָס רויכערט; מיין קלאָב אר די טשילדרען; א מאשין איי העוו — א וואשינג מאשין. אינסטעד שפּילען ברידזש, שפּיל איך זיך מיט וואשינג דישעס טאָג ווי נאַכט. און אָל איי סי בעפאָר מי איז יו א האָל וויק!

— יו אר פּוירפּעקטלי רייט, זאָג איך, — נאָר וואט קען איי דו? מייבי יו שוד דיוואָרס מי.

— דיוואָרס יו? נאו לוק, וואט יו מייד אָוו מי! יו מייד מי אָלד און גרעי, און העף סיק. סאָ נאו יו וואָנט טו געט ריד אָף מי. א פיין טייעם יו פּיקט! איי נאָו יו. יו דאָנט קעיר פאָר מי נאָו מאָר!

די ריזאָלט וואָז: שי באסטעט אוט קרייאינג.

— דארלינג! — איי סעד טו הויר — יו אר סטיל יאָנג און פּריטי. יו העוו פּלענטי אָוו טייעם יעט. די קידס וויל גראָו אָפּ, און איי אשור יו דעט יו וואָודנט סאָפער עז לאָנג עז יו דיד. איי וויל סי טו איט דעט יו שוד מואוו יעט ביטווין דאָוז ווימען, און יו טו וויל פּלעי ברידזש, און מענעדזש אוט סאמהאו, דעט יו שודנט סי מי א האָל וויק.

שי דרייד הויר טיערס, און העפּילי שי וועגט דאון די סעלער טו פיניש הויר וואשינג.

ענדע

# מיין לעבענס ביאָגראַפיע

(קורץ און שאַרף)

ערשטענס, ווייל איך איהר זאָלט עס וויסען אז אין א שעהנעם פריהמאָרגען, מיט יאָהרען צוריק, בין איך געבוירען געוואָרען. א סימן האָט איהר — איך בין דאָ.

געדאַרפט האָבען האָט מיך אונזער דינסט, נאָר אזוי ווי זי איז געווען פערנומען האָט מיך מיין מוטער געהאט. און דענקט ניט אז ס'איז צוגעגאַנגען שאַ, שטיל. דווקא ניין. עס איז געווען א געפילדער מיט א געשריי, אז ממש הימעל עפען זיך.

פונ'ם ערשטען טאָג אָן האָב איך ארויסגעצייגט גרויס קלוג־שאַפט: דהיינו, איך האָב קיין נאַריש וואָרט ניט ארויסגערעדט.

פאַר גרויס וועהטאָג וואָס מיין הייליגע מאַמע האָט מיך אָנגע־רופען בלוט־זויגער האָב איך זיך גענומען צום באָטעל, וואָס איז גע־בליבען מיין טבע ביז היינטיגען טאָג. גלאַט מיין מאמען איז דאָס ניט אָנגעגאַנגען. איך האָב איהר גענעבען די וועלט צו זעהן: געפּאַקט און געמאָזעלט. זיך געריסען אויף די ציין. און איבער מיין מאָגען האָבען זיי אויסגעפונען אז איך בין א ווערימיק אינגעלע. הקיצור, זיי האָבען זיך דערלעבט מיך שיקען אין סקול. איז געווען צרות מיט מיר, ווייל איך האָב נישט געקענט אויסרעכענען פונקט וויפיעל אותיות זיינען פעראַנען אין די נעמען פון אמאָליגע פרעזידענטען. נאָר דאָס בין איך אייך מוחל. רעפּאָרטען פון מיר פלעג מען אָפּנעה־מען זעהר נישט קיין פויגעלדיגע. א דערשלאָגענער פלעג איך אהיים קומען. דאָס פלעג מען זעהן אין מיינע אויגען.

אז איך בין גרויס געוואָרען געווען אָנצוזעהן אז דאָס איז ניט מיין תכלית, באַגעגען איך א מיידעל, פיעל קלוגער פאַר מיר, ווייל זי האָט מיך חתונה געמאַכט. האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַר מיר א סדרה פון דאַרפען. מען דאַרף זיך לייגען, מען דאַרף אויפשטעהן, מען

## מיין לעבענס ביאָגראַפיע

דאַרף טראָגען, מען דאַרף האָבען, זיצען, געהן, לויפען, פּלאָגען און יאָ־
גען — אַ מעשה אָהן אַן עק! ווארום אז ס'זאָל נעהמען אַן עק, וואָס
פאר א מעשה וואָלט דאָס געווען? ווער ווייסט דאָס ניט, אז א שעהן
לעבענסבילד איז קיינמאָל פאַרענדיגט, ווייל ס'מאַכט דעם עולם זיך
פּאַרטיפען, בויערען צו וויסען דעם סוף? טאָ בויערט אייך, און גע־
פינט אוים פאר זיך אליין. און איך וועל זיך דענקען אז איך האָב
דערגרייכט צו דער שטופּע אז מיין לעבענס ביאָגראַפיע איז א קונציגע.
אפשר ניין?

ענדע

# מיין לאַנדסמאַן

איך האָב א לאַנדסמאַן. וועט איהר מיר זאָגען אז איהר האָט אויך א לאַנדסמאַן. זאָג איך אייך אז קיינמאָל אין דער וועלט קען דאָס זיין, ווייל אזא לאַנדסמאַן איז פּשוט א זכיה צו האָבען. ער איז אַן אויסנאַהם. ער הייסט שעפּסל — זכריה נאָטע'ס א זוהן, פון דער דריטער ווייב.

אין דערהיים פלעג מען זאָגען אז שעפּסל טהוט נישט קיין האנד אין קאַלט וואַסער, ווייל ער האָט דאָס פיינט. פאר וואָס שעפּסל איז געקומען קיין אמעריקע איז פארבליבען א סוד בא יעדען. נאָר ווייזט אויס אז ער איז געקומען צונויפשאַרען דאָס גאָלד וואָס וואַל־גערט זיך אויף די אמעריקאנער גאַסען. צו אזא טרחה האָט ער זיך מטריח געווען צו פאָהרען קיין אמעריקע, נישט בעדאַרפט לויפען קיין אמעריקע ווי אנדערע.

אזוי ארום, ווען שעפּסל איז אָנגעקומען, איז ער ענטוישט גע־וואָרען, און אזוי ווי די מלחמה האָט איהם דאָ פערכאַפּט, איז ער פער־בליבען שוין דאָ.

נאָך א לאַנגער צייט, ווען אלע זיינע לאַנדסלייט האָבען איהם שוין ניט געוואָלט מעהר געלט לייען „מחמת שעפּסל האָט ניט גע־גלויבט אין אָפּגעבען", איז ער אנטרינען געוואָרען, און קיינער האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען. אוים שעפּסל.

טרעפט זיך, ווי איך בין אונטערוועגנס פאר ביזנעס און דאַרף מאַכען א טעלעפאָן קאָל, איך דערזעה א סטאָרקע מיט א בעל פון דרויסען. געה איך אריין מאַכען א קאָל.

איך עפען די טהיר, דערשרעק איך זיך פון א באַזער מיט א משונה'דיגען קול, און א צופרידענער בין איך געווען, ווען די טהיר האָט זיך צוגעמאַכט פון אינווייניג. איך קוק זיך ארום. קיין לע־בעדיגען נפש זעה איך ניט, אחוץ קוויטיגע קענדי קייסעס מיט הויכע מחמת די פּייראָל פון מיין סטעף קאָסט מיך גאָרניט — דאָס הייסט, דאָס ווייב און די קינדער נאָך סקול.

שעלוים ביז אין סטעליע. בלויז צוליב די עטליכע פערזשאווערטע קענדליך און קויטיגע סיריעלם ביזטו זיך משער אז דאָס איז א געשעפט. איך שטעה און ווארט. קיין נפש נישטאָ. איך הויב אָן הוסטען. וויים איך וואָס! איך ווענדע זיך צו דער געווייסער טהיר, עפען איהר פּאמעליך אויף, און לאָז דעם משונה׳דיגען באזער קלינגען און גע־וואלדעווען אז איך מאך אזש צו די אויגען. וויים איך וואָס! א נעב־טיגער טאָג!

הקיצור, נאָך א צייט פון הוסטען, טופּען מיט די פיס, און מיט דער הילף פון דעם משורר דעם באזער, און דאָס אָנשטויסען זיך אויף פּאפּ באָטעלס, דערהער איך א קול פון בעק־רום. איך האָב זיך ממש דערפרעהט, ווייל איך האָב פשוט מורא געהאט מען זאָל מיך ניט חושד זיין אז איך האָב עפּעס צוגעלאטכענט . . . .

און נאָך מעהר צופרידען בין איך געווען, וואָס דאָס קול איז געווען אַ אידישעס.

— מינדיע! געה ארוים אין קלייט! א קונה, דאכט זיך.

— זעה נאָר ווי מ׳קען נישט כאפּען אפילו א דרימעל דאָ! וואָס פאר א רוח טראָגט זיי אָן אין אַ העלען טאָג! דו געה בעסער!

— איך האלט אין מיטען מאַכען די טשיקען!

איך ווארט אומגעדולדיג אָנצוזאָגען דעם אידען אז איך בין קיין קונה ניט; איך וויל בלויז מאכען א קאָל און זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגען.

יאָוועט זיך ארוים א צושויבערטער פערשלאָפענער נפש, און דאָס איז נישט קיין אנדערער ווי מיין לאנדסמאן שעפּסל, זכריה־נאָ־טע׳ס. איך מוז זיך מודה זיין, אז איך האָב מיך פשוט דערפרעהט איהם צו זעהן ווייל קיינער האָט נישט געוואוסט וואו שעפּסל׳ס געביין איז.

— טפוי! — מאַכט ער. — ווי קומסטו אַהער?

זאָג איך איהם.

— ווי געהט עס אייך דאָ? — פרעג איך איהם.

— בע! — ענטפערט ער. — ניט צום פארזינדיגען. מען מאכט א לעבען. ווייסט ניט, קיין ווידזשעס דארף איך ניט ארויסצאָהלען,

און צוליב די קינדער דארף ער קיין אינקאָם טעקס אויך ניט צאָהלען, שטופּט ער זיך דורך.

נאָך דעם וואָס איך האָב געמוזט איהם אָבגעבען א רעפּאָרט פון אלע לאנדסלייט באזונדער, לאָזט זיך שעפּסל אריין מיט מיר אין א דיסקוסיע פון פּאָליטיק און די מלחמה. וואָס איך דענק פונ׳ם רומעל פּלאן? אטלאנטיק טשארטער? קאסאבלאנקא קאָנפערענץ? א. א. וו.

דערווייל קומען אריין א פינף קליינע קינדערלאך וואָס געהן נאָך ניט אין סקול נאָך קענדי. מיין שעפּסל הערט זיי ווי טראטל דעם קאָטער, א ווייל שפּעטער אָבער נעהמט ער צו פון זיי די צוויי סענט און שיקט זיי זיך אליין נעהמען די קענדי.

— איז יאָ. דער קאסאבלאנקא קאָנפערענץ, אויב דו ווייסט ניט, זאָג איך דיר, איז דאָס וויכטיגסטע וואָס קען פּאסירען, ווייל דאָרט איז פערחתמ׳ענט געוואָרען היטלער׳ס מפּלה. דערווייל האלט עס נישט אזוי גוט. דאָס גליק איז וואָס יאָסעלע אונזערס גיט איהם, היטלער׳ן, די וועלט צו זעהן, ווי א ביין אין האלז אריין, און ער וועט זיך אי״ה דערווארגען אין גיכען . . . היינט, ווי דענקסטו מאַכט אוים אָנקעל סעם מיט די באָנדס? א שעהן ביסעל געלט מוז ער אריינ־נעהמען יעדען טאָג. מיר זאָלען עס פערמאָגען! אפילו איך האָב שוין אויך א פּאָר שעהנע באָנדליך, און פאר וואָס ניט? ווייסט דאָך, איך בין א פּייטריאָט, און גלויב ארויסצוהעלפען דער גאָווערמענט.

דערווייל קלאַפּט מינדע אָן אין קוך־פענסטער, אז דער דע־פּאָזיט פאר׳ן פלעשעל וואָס ער האָט דעם שגצ׳ל בעצאָהלט, איז גאָר פאר א פלעשעל וואָס דער שגץ האָט אויפגעהויבען פון פלאָר. מאַכט שעפּסל:

— הע, ס׳מאַכט ניט אוים, מען וועט ניט בדלות׳ט ווערען!

פּלוצים פרעגט מיך שעפּסל ווידער וואָס איך טהו דאָ. זאָג איך איהם נאָך אמאָל. זאָגט ער מיר: „באלאָני!״ ער ווייסט, ער שטויסט זיך אָן, אז מסתמא האָט מיך עמיצער אונטערגעשיקט אויס־צוגעפינען פון זיינע ביזנעס, צו וואָס זשע געהן ביהיינד די בוש? —

די מעשה איז אָט־וואָס: מויטשענדייז צו קריגען איז איהם גאָר ניט שווער, ווייל ער דארף נישט האָבען קיין סך סחורה. ער וויל

בלויז 1500 טאָלער פאר שליסעל געלט, און ער האָט זיך מיר געשוואָ־
רען בא זיין ווייב און קינדער אז מען קען דאָ מאכען א שעהן לעבען.

אז איך האָב א שמייכעל געטהון, האָט שעפסל א צופרידענער אויסגעשריגען:

— א יאָ געטראָפען? יו סי, איים נאָט א גרינהאָרן נאָו מאָר!

— אלזאָ, געה זאָג זיי דאָס, און לייג נאָך צו א גוט וואָרט און איך וועל שוין זעהן אז דו זאָלסט קריגען מעקלעריי.

איך האָב שעפסלען איבערגעלאָזט א צופרידענעם, און איך אליין בין אויך געווען א צופרידענער וואָס איך בין ארויס פון איהם א גאנצער.

איז דאָס אפשר ניט אן אסאָבענער לאנדסמאן וואָס איז כדאַי געוועזן פון איהם צו רעדען? איך פרעג אייך.

ענדע

# קאָמפּליינטס

אמעריקע איז א פרייִ לאַנד. דאָס ווייסט יעדער איינער, אפילו די דייטשען.

דו קענסט זיך ארויסזאָגען דיין מיינונג, רעדען ווי דו ווילסט — „פרי ספּיטש”, ווי מען רופט עס בא אונז. רעדען זיי — די מענשען, הייסט עס — פון דער זאַך, צו דער זאַך, איינינגע גלאט אין דער וועלט אריין. ווענמען ארט עס? אז מענשען האָבען מיילער, קענען זיי זיי ניט אויסנוצען בלויז פאר עסען. זיי מוזען אויך אמאָל מעלה־גרה׳ן. און אויף דערויף מוזטו ניט זיין א בהמה.

רעדען זיי אזוי לאַנג ביז זיי ווערען מיעד און ווערען אנטשוויגען. אַט. למשל, נעהמט דעם ימח־שמוניק — פאדער קאָגלין, אויב איהר געדענקט איהם, אַזוי, דאכט זיך, רופט מען איהם. ס׳הייסט, ער איז אזוי א פאדער ווי איך א מאַדער, ווייל איך קען ניט און ער טאָר ניט האָבען קינדער. נאָר אז מען רופט איהם אזוי, זאָל דער נאָמען בלייבען נאָך איהם. האָט דער נישט־גוטער, וואָס זיין נאָמען קען בלויז דערמאָנט ווערען מיט א גראגער, זיך גענומען קאָכען אויף אונז אידען ביז ער איז פערשטומט געוואָרען.

דאָס לאַנד איז געבליבען פריי, און ווער עס וויל קען זיך ווידער רעדען ווייטער, ביז אין ווייסען טאָג אריין. אַלע קענען רעדען: דער רב, דער שמש, דער פּאָליטישען, די שוויגער, און מיין ווייב אוודאי. זי, זעהט איהר, — מיין ווייב, הייסט עס — קען רעדען וואו זי וויל, ווען זי וויל. ס׳הייסט, זי קען רעדען אויך אלס איך שלאָף, זי קען רעדען צו דער וואנט אפילו. איך נוץ אוים דעם אמעריקאנער סיסטעם: איך הער זי ווי דעם פאריעהריגען שניי. דאָס איז די בעסטע פּאָליסי.

זייט די מלחמה אָבער הערען זיך קאָמפּליינטס טאָג איין, טאָג אוים — ספּעציעל פון אונזעריגע אחינו־בני־ישראל. ווארים, וואָס איז? זייער נשמה איז פון קליאַטשע? פרי ספּיטש איז פאר יעדען.

כדאי איז אָבער אויפצובריינגען איינציגע קאָמפּליינטס פּשוט, ווי מען זאָגט, פאר פיוטשער רעפערענס . . . געגאנגען איז דאָס מיט א סדר: צוערשט טייערס און טיובס, און די אויטאָמאָבילען; נאכהער, צוקער און קאָפי — שיך — פּאָינטס פאַר קענס מיט פלייש — געזאָ־לין — פלעזשור דרייווינג, א. א. וו. איהר ווייסט דאָך מסתמא.

קען איך א לאנדסמאן, מילט (מילטאָן) — אין דער היים, מענ־דעל קארנאסע, — וואָס פלעג פאָהרען אויף ירידים מיט א פליבא־וואטער קליאטשע. דאָ האָט ער א קאר וואָס מען מעג זי שוין איהרצען. האָט ער זיך בעוואָרענט מיט בסך הכל 12 טייערס פאר רעזווירוו. ווען ער האָט זיך געדארפט שיידען מיט די טייערס, האָט ער געפונען א מיטעל: צוגעקויפט דריי אלטע קארס צו די טייערס מיט דרייערליי לייסענס און דריי גאראדזשעס צו זיי. און אז סוף כל סוף האָט ער זיך געמוזט שיידען מיט זיי איבער דעם „בען“ אויף פלעזשור דריי־ווינג, האָט ער געמאכט אזעלכע געוואלדען, אז עס האָט מיר געריסען מיין הארץ פאר רחמנות.

— צ׳נאט פעיר! — דיס איז סאָפּאָזד טו בי א פרי קאָונטרי, — האָט ער געזאָגט.

א צווייטער, סעם גאליג, וואָס איז אויסגעוואקסען אויף אָקרופּ מיט מילך, האָט זיך בעוואָרענט מיט א גאנצען זאק צוקער, און ווען ער האָט דערהערט אז מ׳וועט געבען בלויז א האלב פונט פאר א מענ־שען, איז געווען חשך.

א נייבאָרקע מיינע, א פּוירל היינע, — ריכטיג גערעדט, פּעסיה — שרייט געוואלט. סטייטש, ווי וועט זי מיט בלויז דריי פּאָר שיך א יאָהר קענען ארויסטרעטען פון הויז צו שאפּען צו בעלענסען איהר בודזשעט? זיינען ארוים די פּאָינטס, און איהר פראגע איז געוואָרען ערליידיגט.

אן אנדערע קאָמפּליינט אז די מלחמה דידנט היט הויר טיל לעסט וויק. האָב איך געדענקט אז איהר מאן אָדער איהר זוהן איז אוועק אין דער ארמיי. זאָגט זי גאָר אז ניין. נאָר וואָס דען, די מייד האָט זי איבערגעלאָזט, און זי קען מעהר קיין אנדערע דינסט ניט קריגען.

קאָמפּליינטס . . . קאָמפּליינטס . . . קאָמפּליינטס . . אויפ׳ן

קאָמפּליינטס

גראָסערימאַן, דעם בוטשער, די סטריט קארס. אויף דער ראַדיאָ, אויף ניוס־פּייפּערס און אויפ׳ן טעלעפאָן. אויפשטעהענדיג און לייגענדיג זיך, אין הויז און אויף דער גאַס. בא דער ארבייט און ביים קאָרטען שפּילען. וואו איהר זאָלט ניט ווענדען. דאָס גליק איז, וואָס עס איז א פרי קאָונטרי, און עס ארט מיך ניט, און עס דארף אייך אויך ניט ארען, ווייל אפילו אונזער טייערען פּרעזידענט רוזוועלט, זאָל לעבען, ארט עס אויך ניט. ענד דאַנט גיוו א דארן וואָס די דזשעפּס און מור־סאָליני און היטלער ממזר קאָמפּליינען! דעטס א פרי קאָונטרי פאָר יו! — נעט איט?

ענדע

# קלאַסען־אונטערשיעד

ווען איהר דרינגט זיך אַריין אין דער געשיכטע פון דער מענש־הייט, באמערקט איהר ווי אין יעדער עפּאָכע זיינען פעראַנען מלחמות, און אַלץ איבער עטליכע סיבות, וואָס איך וויל זיך אָפּשטעלען און זיי אנאַליזירען. אפשר קען מען געפינען א מיטעל. זיי זיינען: ראַסען, גלויבען, נאַציאָנען און קלאַסען.

די ערשטע דריי זיינען גאָר אַלטע און ווי כמעט ערלעדיגט. מ׳ווייסט כּאָטש וואו מען איז אין דער וועלט. למשל, ראַסען זיינען דאָ: ווייסע און שווארצע, רויטע און געלע. גלויבען זיינען דאָ, „די הויפּטע״: די פּראָטעסטאַנטישע, די קאַטוילישע און די אידישע. די ערשטע צוויי גלויבען אין צלם. בלויז איינע צלמ׳ט זיך פון אויבען אַראָפּ, די צווייטע פון אונטען אַרויף. די דריטע, די אידישע, גלויבט נים אין צלם, כאָטש צווישען זיי זיינען פעראַנען זעהר פיעל צלם קעפּ . . .

ביי דער לעצטער, זעהט איהר, — די קלאַסען — איז כּדאי זיך אָפּצושטעלען און זי בעשמועסען. לאָמיר דאָ זעהן וואו דער הונט איז בעגראָבען. נאָך אַלעמען איז זי די מאָדערנסטע פונ׳ם לעצטען וואָרט, ווי מען זאָגט; און מענשען זאָגען אז זי איז די סיבה פון דער איצטיגער וועלט מלחמה. ווילען מיר פּאמעליכקע זי צודרויבלען און בערעכענען אביסעל מאָטעמאַטיש. צוטיילט זיינען זיי אויף צווייען: רייכע און אָרימע.

די רייכע זיינען פערהייראַט ווענען פּאַרנעניגען.
די אָרימע ווענען פערגעניגען און צו סייפען אינקאָם־טעקס.
די רייכע האָבען קאַפּיטאַל און דרעהען זיך דעם קאָפּ;
די אָרימע א מלאכה, און דרעהען זיך די הענט מיט די זייטען.
די רייכע עסען, ווערען פעט, און מוזען געהן אויף א דייעט;
די אָרימע עסען אויך, ווערען מאָגערער, און סייפען דאָקטאָר־בילס.

ע. גובערמאן

די רייכע נאָך א טאָג ארבייט מוזען געהן שוויצען אין א טוירקיש בעטה;

די אָרימע שוויצען ביי דער ארבייט און פערשפּאָרען זיך א גאנג.

די רייכע האָבען ביזנעס מיט פרעמדע פרויען אין זייערע אָפּיסעס;

די אָרימע האָבען א ביזנעס מיט זייערע אייגענע פרויען אין דערהיים.

די רייכע האָבען צו טהון מיט זייערע קינדער;

די אָרימע האָבען ניט אָנצוטהון זייערע קינדער.

די רייכע, אויך, האָבען עסעניש איבער זייערע קינדער;

ביי די אָרימע עסען זיי אליין.

דעם רייכענ'ס פרוי קאָכט זיך אין זיך אליין;

דעם אָרימאנ'ס פרוי קאָכט זיך אויף איהר מאן.

דער רייכער וואוינט ווינטער אין די ווארימע לענדער, און זומער אין די קאַלטע;

דער אָרימאן, ווינטער וואו ס'איז קעלטער, און זומער וואו הייסער — און אז ער בריהט זיך אָפּ, בלאָזט ער שוין אויף קאלטען.

דעם רייכען טהוט הנאה ווען זיין פרוי טראָגט דזשוּלערי;

דעם אָרימאן טהוט אויך הנאה ווען זיין פרוי טראָגט . . .

א רייכער מוז פאר אלעמען בעצאָהלען;

אן אָרימאן מוז ניט — ער קען אויסצאָהלען.

א רייכער געהט אויס — אמאָל;

אן אָרימאן — אלע מאָל.

א רייכער מאכט א ברכה, המוציא לחם מן הארץ;

אן אָרימאן, המוציא הארץ מן הלחם.

א רייכער באקט זיך אויף דער זון:

אן אָרימאן באקט בייגעל אין דער ערד.

א רייכער ווערט אָנגעשטאָפּט;

אן אָרימאן שטופּט אָפּ.

א רייכער זעהט צו האָבען די וועלט;

דעם אָרימאן גיט מען צוזעהן יענע וועלט.

## קלאסען אונטערשיעד

איז וואָס זשע איז דאָ אזא גרויסער אונטערשיעד, איך בעט אייך? און צו וואָס מלחמות איבער קלאסען אונטערשיעד? א משוגענע וועלט, גלויבט מיר. — פּע!

## ענדע

# אָנקעל טשאַרלי

איך ווייס אז איהר אלע האָט געהערט פון אָנקעל סעם, אָבער איך בין מעהר ווי זיכער אז קיינער פון אייך האָט נישט געהערט פון אָנקעל טשארלי — מיין אָנקעל טשארלי. איהר מוזט מיר טהון א טובה און זיך מיט איהם בעקענען. ענט סילי — „סאָסי", ווי ער רופט זי — זאָגט אז אָנקעל טשארלי איז אן אנטיקעל אין דער וועלט. און עס ווייסט אוים אזוי, ווייל ער איז א זעלטענער פּערשוין. ער איז אריבער די זיבעציגער, כאָטש ער קוקט אוים נאָך יונג גענוג צו זיין עלידזשיבעל פאָר די דרעפט. און פאר וואָס ניט, אז דער מענש האָט קיין זאָרג? דאָס טהוט ענט סילי פאר איהם.

אויב איהר ווילט אמאָל געפינען אָנקעל טשארלי, דארפט איהר בלויז נאָכגעהן דעם ריח פון א סמאָקינג פּייפּ, וועלכע ער האָט גע־ירשנ'ט פון זיין עלטער זיידען פון זאַלאָשען. די פּייפּקע געהט נישט ארויס פון זיין מויל אויף א מינוטקאלע, ווי, להבדיל, א גוף מיט א נשמה. ס'איז א סברה ער שלאָפט מיט איהר, און ענט סילי'ן ארט עס אפילו ניט, ווייל בטבע איז זי ניט דזשעלאָס . . .

געקומען איז ער פון בעסאראביא — סאָראָקער גובערניע — און פלעג זיך שפּארען מיט יעדען אז ער איז א רומעניש. אָבער זייט די רוסישע דערלאנגען היטלער'ן און גיבען איהם די וועלט צו זעהן, שרייט אָנקעל טשארלי מיט גדלות אז ער איז א אמת'ער געבוי־רענער רוסניאק . . . כאָטשע א סך זיינען איהם חושד אז ער איז גאָר א ליטוואק, מחמת ער האָט ליעב א שטיקעל שמאלץ הערינג אלע טאָג, איידער ער פערטרינקט מיט א גלעזעל טהיי און געהט כאפּען א דריי־מעל. נאָר ווער וועט דאָס האָבען די העזה צו מאכען א בלבול איבער אזא קלייניגקייט אויף גלאט א אידען, ספּעציעל אָנקעל טשארלי?

בכלל איז ער א מענשעל וואָס היילט זיך ניט, און האָט צייט זיך אָבצושטעלען אויף קלייניגקייטען און זיי בערעדען. און אויב ער

האָט קיין צייט ניט, נעהמט ער זיך צייט. ווער שמועסט אין אַזאַ צייט פון מלחמה מיט אַזוי פיעל נייעסען! און ער לאָזט ניט דורך אַ קליינינקייט, אַזאַ מענש איז ער.

ער קריגט אַ פּאָר אידישע פּייפּערס, און די ענגלישע אודאי. פון דער ראַדיאָ שמועסט מען ניט. און גאַנצע טעג געהט ער אַרום מיט דער פּייפּקע אין מויל און קאָכט זיך אויף דער וועלט. קיינער האָט בא איהם קיין טשענס ניט, ווייל ער ווייסט דאָס אַלעס, אחוץ ענט סילי. זי איז די איינציגע, ווען ער צופלויגעלט זיך, טהוט זי אַ זאָג:

— שעפּסל! (פון שעפּסל איז געוואָרען טשאַרלי.) — שעפּסל! אפשר וואָלט שוין גענוג געווען פאַר איין טאָג? פאַרמאַך דעם היפּאָ־דראָם, דאָס מייליכעל דיינס!

און אָנקעל טשאַרלי ווערט אנטשוויגען ווי אַ טייבעלע.

ביז דער מלחמה און ביז ער האָט אויסגעפונען אַז פּרעזידענט רוזוועלט איז אַ ניו־דיעלער, איז אָנקעל טשאַרלי געווען אַן אייסאָליישאָ־ניסט. יעצט איז ער רוזוועלט'ס אַ געשוואוירענער חסיד, וואָרעם זיי בעלאַנגען צו דער זעלבער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אָבער ער זאָגט זיך אַרויס אָפען אויב עפּעס געפעלט איהם ניט. אָט, למשל, אַ האַלב פונט צוקער פאַר אַ מענשען איז ניט ריכטיג, זאָגט ער, צוליב דעם קאָנסטיטושאָן. היינט, די קאָפּע מאַכט פון איהם אַ נוירוועז־רעק.

און דאָס וואָס מען נעהמט די 18־19 יאָהריגע פאַר סאָלדאַטען טויג אויך נישט, מחמת אַז וועה איז איבערגעקומען אַז אַזוינע יונגע צו־ציקעס דאַרפען איהם פּראָטעקטען. נאָר וואָס דען? אַזעלכע ווי ער וואָלט מען בעדאַרפט נעהמען, וואָלט די מלחמה געדויערט בלויז אַ פּאָר מאָנאַטען!

צו רעדזשיסטרירען זיך פאַר די ריישאָנס האָט געמוזט ענט סילי געהן, ווייל ער דאַרף זיך מעהר ניט לערנען, און אין סקול אַריין וועט מען איהם ניט שיקען. און ער איז טאַקע נישט געגאַנגען.

די גאַנצע אַדמיניסטראַציע איז אַ קאַפּוירע. דער קאָנגרעס ווייסט אויך ניט וואָס ער טהוט, און ער בעווייזט אייך שוואַרץ אויף ווייס, און איהר מיינט אַז עס איז תורת לאָקשען.

ע. גובערמאַן

הכלל, דאָס גליק איז געווען וואָס ענט סילי האָט זיך אַריינ־געמישט.

— שעפּסל! דיפּלמאַט מיינער! געגנוג שוין! טאָמער וואָלסטו זיך פריהער מטריח געווען און מיר געהאָלפען צוהענגען די וועש אין סעלער. נאָכהער וועל איך פאַר דיר אָפּרופען לאַנג דיסטענס פּרעזידענט רוזוועלט קיין וואַשינגטאָן, און איהם היי־סען מאַכען אַ פּלאַץ פאַר דיר דאָרטען אויבען אָן, און דו וועסט איהם העלפען פּראַווען די מלחמה.

אַנקעל טשאַרלי האָט אַ בייזען קוק געטהון אויף איהר און גע־זאָגט:

— אַ אידענע בלייבט אַ אידענע. טפוי!

ענדע

# אנטלויפט ווי פון אַ פייער

פון שרייבער זאָלט איהר אנטלויפען ווי פון א פייער. אין ווייערע דלת אמות זאָלט איהר ניט שטעהן. איהר זאָלט זיך אָפּטראָגען פון זיי ווי פון מאַזלען אָדער סקארלעט פיוועך, חלילה, ניט פאר אייך געדאכט, ווייל ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי אליין — די שרייבער, הייסט עס, — זיינען בטבע אליין אומגעלומפּערטע בריאות און פאראזיטען וואָס גלויבען צו נעהמען פון אַנדערע און לעבען אויף גרייטען, זיינען זיי נאָך אזעלכע נפשות וואָס בארעדען און באשרייבען יעדען איינציגען וואָס פארגלוסט זיך נאָר זיי.

מען קען זאָגען אז שרייבער זיינען ערגער פון פרוּיען מיט ניין מאָס רייד. אז א פרוי בארעדט אייך, איז ווילט איהר, הערט איהר זי אויס און פארגעסט עס באלד. אלא ניט, דערצעהלט איהר עס נאָך בלויז צו א פּאָר פון אייערע נאָהענטע בעקאנטע, און עס רייסט זיך איבער, און מען פארגעסט אין דעם ווי גלייך גאָרניט.

אַ שרייבער, אָבער, נעהמט די פּען זיינע אין די הענט אריין. און ווי מיט א כלי־זין פארשרייבט ער אייך אין ספר־הזכרונות. און ס'קען זיך אמאָל טרעפען אז דאָס זאָל ארויסקומען אין דער עפענטליכקייט, פאר א היבשען עולם.

דאָס מיינט ניט אז ער רופט אייך אָן ביים אמת'ן נאָמען. דווקא ניין. נאָר ער נעהמט נאָך, צו די צרות, און ניט אייך צו א משונה'דיגען נאָמען, פון דער הפטורה, ווי: פּיפּערנאָטער, אָדער אל־טער יקנה"ז, א. א. וו.

דאָס הייסט, איהר שטויסט זיך אָן אז אייך מיינט מען דאָס. וואָס זשע טהוט מען? די איינציגע רפואה איז, אויב איהר ווייסט אָדער איהר געפינט אויס, אז א שרייבער איז לעבען אייך: טראָגט זיך אָפּ באלד פון איהם, ווערט איהר פּועל־יוצא זיין צוויי זאכען:—

ערשטענס, וועט אייך בלייבען אין קעשענע מעהרער א פּאָר

טאָלער, אויב איהר זענט א מענש, וואָס קען ניט אָפּזאָגען. און צוויי־טענס, וועט ער אייך פארשפּאָרען צו באשרייבען און אָפּשפּעטען פון אייך.

אנטלויפט זשע ווי פאר פייער. היט זיך אייערע ביינער. וועט איהר מיך פרעגען מסתמא ווי אזוי קען מען זיך אָפּהאַלטען, ניט קומען צווישען געזעלשאפטען מיט אונטערנעהמונגען, פּונקט וואו די שלעק, די שרייבער, האלטען זיך גראד אויף? און פּונקט, זאָלט איהר זעהן, דאָרט וואו זיי געפינען זיך, וועט איהר אויך טרעפען די שענסטע ווייבלאך מיט מיידלאך, וועלכע ווערען פּאָרט די כפּרה פאר א אינגעל מיט א פען. איז סיידען איהר ווילט זיך איינשטעלען, און זיך פארלאָזען אויף יושר און מזל, אז גאָט וועט אייך אויסהיטען פון זיי. אָן אנדערע ברירה האָם איהר? און צוריק גערעדט, קען מען דען בייטען די וועלט? עה, לאָזט דאָס שוין געהן ווי עס געהט!

**ענדע**

# א שרייבער א מציאה!

אויב ווער עס קומט צו אייך און לאָזט אייך וויסען אז א שריי־בער איז א גרויסער פארנעם, לאכט פון איהם — ניט אונטער זיינע פלייצעס, נאָר גלייך איהם אין פּנים אריין, ווייל איהר דארפט קיין יאָלד ניט זיין און זיך לאָזען בלאָפען.

קוים ווי א זאך זאָל זיך ניט מאכען און איהר קריגט אַן ארגו־מענט, שיקט זיי אָפּ צו מיר. און אויף מיין וואָרט, איך וועל זיי ער־לעדיגען, ווייל איך שרעק זיך ניט. אלעס וואָס זיי קענען מיר אָפּטהון, די שריפטשטעלער, איז מיך רופען קנאקניסעל, ווייל ווען עס קומט צו דעם ענין שרייבעריי, ווייס איך וואָס איך רעד. הערט א סוד: ניט נאָר איהר אליין קענט שרייבען, נאָר אויך אלע וואָס קענען לייענען און ארויסרעדען א אידיש וואָרט, אויב, זיי זאָלען וועלען, וואָלטען זיי אויך געקענט שרייבען. יעס סער, סיידען איהר האָט חלילה א מום. נאָר אויב איהר זענט מיט אלע אברים פון א בשר ודם און נוצט זיי אוים ווי עס בעדארף צו זיין, זענט איהר ווי געבוירענער שרייבער.

איהר מוזט בלויז האָבען צוויי הענט מיט צוויי פיס, א מויל מיט צוויי אויגען, און א גוטען מאָגען; נאטירליך, אויערען; און דאָס וויכ־טיגסטע, א קאָפּ אויף זיך, מעג ער אפילו זיין א פליכעוואטע. פון די זייטען מיט א פלייצע איז נישט כדאי צו דערמאָנען ווייל דאָס איז וויכטיג פאר שווערע ארבייטער, נישט פאר א שרייבער. אָבער די אַלע אנדערע זיבען זאכען מוזט איהר האָבען.

צו די אַלע קליינינקייטען דארפט איהר בלויז האָבען א טיש מיט א בענקעל און א סך פּאפּיער, און איהר מוזט זיין געוואוינט ווי צו האַלטען א פען אין דער האנד. דאָס אלעס. קוים אָבער פעהלט אייך עפּעס פון די ערשטע זיבען זאכען, זענט איהר א קאליקע. און אויב איהר פערמאָגט זיי און דערצו פרייע צייט און שרייבט נאָך אלץ ניט, זענט איהר מיט א חסרון וואָס איהר ווייסט ניט דערפון — מסתמא אָהן א גאל. אין אזא פאל מוזט איהר באלד זעהן א דאָקטאָר.

יעצט וועלען מיר זיך אריינדרינגען אין די וויכטיגע זיבען זאכען..

הענט מוזט איהר האבען צוויי. מיט איין האנד שרייבט איהר. מיט דער צווייטער טייטעלט איהר; אלא ניט, ווייסט איהר ניט וואו איהר זענט אין דער וועלט.

אויף איין פוס זאלט איהר קיינמאל זיך ניט אונטערנעהמען שרייבען. סע וועט ניט טויגען.

דאס הארץ האב איך אויסגעלאזט, ווייל א שרייבער טאר קיין הארץ ניט האבען. א מויל מיט גוטע ציינער דאס יא, בכדי צו זיין בכח צוצעבייסען וואס פאלט איהם אריין אין מויל אריין.

אויגען זיך ארומצוקוקען דארף מען האבען, און חלילה ניט קיין קורצזיכטיגע. מען מוז קענען דערזעהן פון דער ווייטענס.

א גוטען מאגען, א געזונטען, מוז מען האבען ווייל עס איז פער־בונדען מיט א סך גרימעניש.

די אויערען זענען זעהר וויכטיג. מען דארף זיי אפהיטען ווי א קינד, שטענדיג אויסגעוואשען, גרייט פאר יעדען שארכעלע. עס מוז זיין א קלאהרער וועג פאר אלע סודות'דיגע זאכען אהז שטרויכ־לונגען. וואס עפעס, גלייך אין אויער אריין!

ווידער, דאס וויכטיגסטע — דער קאפ. פאר וואס עס איז דאס וויכטיגסטע? ווייל על פי חשבון דאקטאריע, די אלע זאכען אהן א קאפ ליגען טיעף אין דער ערד. אחוץ דעם, מוזט איהר האבען א גע־וויסען פלאץ ווי צו צונויפזאמלען געדאנקען וואס איהר זעהט און הערט אין דער גאס, אויף דער ראדיא, אדער אין די צייטונגען. אין א קע־שענע קענט איהר זיי ניט אריינלעגען, ווארעם אין די קעשענעס מוזט איהר האלטען אייער געלט. סטייטש, וועט איהר מיר זאגען, איהר האט ניט קיין געלט. איהר זענט א קבצן, (וואס פאסט טאקע פאר א שרייבער). אט, זעהט איהר, א דא ליגט דער הונט בעגראבען! ווי באלד איהר זענט א קבצן, איז נישט קוקענדיג אויף אלע אייערע מעלות, טארט איהר ניט, ווי גאט איז אייך ליעב, וואגען אפילו צו נעהמען א פעדער אין דער האנט אריין! עס מוז אייך אפילו אויף די מחשבות ניט קומען און קלאפט זיך עס ארויס פון קאפ! נאר אויב איהר זענט געבענשט

## אַ שרייבער אַ מציאה

מיט אַלע מעלות, און ספּעציעל די לעצטע דערצו, מיט מזומן, און איהר קענט אויך לעזען און אַרויסרעדען אַ אידיש וואָרט און ווייסט ווי צו האַלטען די פּען אין דער האַנד און איהר זענט אָהן אַ מום, מיט נאָך אַ קאָפּ אויף זיך, — זענט איהר אַ שרייבער און איהר ווייסט עס ניט! — די אונטערשטע שורה, אויב איהר קענט שרייבען, זענט איהר אַ שריפטשטעלער! טייק איט פראָם מי.

# די מלחמה אויף מיינע פלייצעס

מען זאָגט, אז עס איז באַשערט צרות, טרעפט עס דיך אין הויז אריין. מיך, זעהט איהר, מיידען זיי ניט אויס וואו איך זאָל ניט זיין, אפילו אין שוהל. אָט אַהין געה איך, ניט ווייל איך בין רעליגיעז, נאָר פשוט דערפאר ווייל איך הער נישט דאָס יאדען און רידזשען פון מיי־נער, וואָס האלט אין איין זאָגען אז די גאנצע וועלט מאכט געלט ווי בלאָטע, אחוץ איך, און ווער ס'מאכט ניט אין מלחמה צייטען, וועט שוין בלייבען א קבצן אויף אייביג, און נאָך א פּאָר זאכען. געה איך אין שוהל אריין, און אמאָל קען מען הערען דאָרט א אידיש וואָרט . . . ס'איז מיין רעקריאיישאָן סענטער.

איז דאָס מיר אויך פארשטערט געוואָרען. און צוליב וועמען? צוליב פיני פעמפּיק און גרשון גראגער.

פיני פעמפּיק, וויל איך איהר זאָלט וויסען, איז א פּארשוין וואָס געהט ארום אין שוהל ווי א שפּיאָן. טאפּט בא יעדען אויס דעם דופק, און באַ איהם קענט איהר ניט ארויסקריגען א וואָרט, ווי מיט אָפּ־צוואנגעם (פלייערס).

און גרשון גראגער — איז פונקט דער היפּוך. רעדט פאר פייער און פאר וואסער, און ווייסט דיר פון אַלעמען אין דער וועלט. א רעגו־לאר פּאָליטישאָן. און אויב צומאָל זאָל זיך טרעפען פאר א נאָווינקע דער גראגער זאָל אייך שטעלען א פראַגע, איז איידער איהר כאַפּט דעם אָטעם, ענטפערט ער אייך באלד אַליין.

אָט־די צוויי פרשוינען, פיני פעמפּיק און גרשון גראגער, האָבען אַ גרויס שייכות איינער צום צווייטען ווי א גוף מיט א נשמה. דהיינו, נעהמט, למשל, טאַבעקע: — שמעקען זיי צוזאמען, כאַטשע ניסען — ניסען זיי באזונדער

טהוט א זאָג פיני פעמפּיק צו גרשון גראגער:

— נו, גרשון, ס'האלט שמאַליך, האַ? איך מיין די מלחמה,

מיט'ן דייטשוק. ער האַלט אין איין נעהמען. שוין דעם רוס באַלד אָפּגעראַמט פון וועג, און וואָס וועט זיין דער סוף?

— ביזט אַ גרויסער שוטה, — זאָגט דער גראַגער, — דו פאַר־שטעהסט ניט די דיפּלאָמאַטיע. לאָמיך דיר דאָס גיבען צו פאַרשטעהן, — זאָגט ער, דערביי אָנפילענדיג די נאָז זיינע פול מיט טאָבעקע.

אָט־דאָ בין איך געפאַלען דער קרבן. דער גראַגער שטעלט זיך אוועק מיט גרויס גדלות, מעשה גענעראַל, טהוט מיך אַ נעהם פאַר מיינע אַקסלען, און דרעהט מיך אויס צום עולם מיט'ן — איך בעט אייך איבער אייער כבוד — מיט'ן רוקען פונקט צום פּנים פון פיני פּעמ־פּיק: און, טייטעלענדיג מיט די פינגער אויף מיין פּלייצע, מאַכט ער פון איהר אַ טשאַרט, אַ מעפּ. דערביי צוברעקעלט ער מיך אויף פּיץ־פּיצלאַך: דער קאָפּ מיינער, צייגט ער אָן, איז אַמעריקע, דער האַלז איז ענגלאַנד, די אַקסלען — די וועסטערן העמיספער; און די לאָפּעטעס מיינע זיינען די עלאַיס; און מיין אינווייניגס — די לונגען און לעבער מיט די קידנים — זיינען די סובמארינס; און די קישקעס — די לייף־ליין. און טייטלענדיג אַזוי אַראָפּ מיט'ן פינגער, טיילט ער איין מיין אונטער חלק, האַלב פאַר יאַפּאַן, און האַלב פאַר'ן דייטשוק.

איהר מוזט אויך וויסען אַז בטבע בין איך אַ קיצעלדיגער, און דער ריח פון טאָבעקע שמעקט מיר ניט אַזוי גוט. בין איך עס געווען, זאָג איך אייך, פון אייזען וואָס איך האָב עס אויסגעהאַלטען.

דערווייל האָט זיך גרשון גראַגער צוהיצט, און טייטלענדיג וויי־טער מיט'ן פינגער, אַראָפּ און אַרויף, אויף מיין פּלייצע, צייגט ער זיי איבער, מיט גרויס התלהבות, ווי דער דייטשוק איז אַרויפגעקומען, צובראָכען מיינע ריבס — די עלאַיס, הייסט עס, — און דערביי טהוט ער מיר אַ שטאַרק מיט זיין פינגער אין די זייטען. און צוקומענדיג צו מיין האַלז — ענגלאַנד, הייסט עס, — וואַרגט ער מיך, אַז כ'קען קוים מיין אָטעם דערכאַפּען.

— דאַן, דאַן — מאַכט ער — קומט אַראָפּ דער קאָפּ — אַמע־ריקע, — אַ שטאַרק ווידער אַמאָל, און כאַפּט אָן דעם דייטשוק און דעם יאַפּאַנטשיק און שליידערט זיי אַרונטער, דעם דייטשוק אונטער איין

ע. גובערמאַן

פּאַכווע — אַ שטאַרך! — דעם יאַפּאַנטשיק אונטער דער צווייטער
פּאַכווע — אַ שטאַרך!

הסוף, דאָ איז מיר שוין אַלעס אריין אין דער נאָז אריין, —
איך מיין די טאַבעקע — און פּונקט ווען גרשון גראַנער האָט ערקלעהרט
פּיני פּעמפּיק׳ען היטלער׳ס מפּלה, האָב איך אַ גרויסען ניס געטהון,
און זיך שנעל אָפּגעטראָגען.

**ענדע**

# די אידיש אמעריקאנער באלאדע

## אַ מאַסען דעקלאַמאַציע

דאָס קען ווערען סצענירט מיט מיוזיק ביי פערלאנג צום פּערפאָסער
פון דעם בעוואוסטען קאָמפּאָזאָר און פיאניסט, לעאָן קושעראָף

דערצעהל אונז זיידע, גרענפּא, פּליעז,
זיי אַזוי פיעל גוט און זים;
דערצעהל אונז נאָך אמאָל
די געשיכטע פון אמאָל.

אויב אַזוי זעצט זיך, קינדער, בא מיין זייט
און הערט אוים די אמעריקאַנער באלאדע.
דערצעהלען וועל איך אייך אַצינד
די געשיכטע ווען געוועזן בין איך אַ קינד.

אַ וועלט מיט נאַציאָנען
פון פערשידענע ראסען פעראנען.
געוועזענע שקלאַפען זיינען זיי
אין דעם לאַנד יו־עס־איי.

פון 130 מיליאָנען אַ לאנד
מיט איינינקייט און פערשטאַנד.
געבליהט ממש ווי די נאַטור,
מיט רייכטהום, מוזיק און קולטור.

אַ פיהרער באַ דער מעהרהייט ערוועהלט —
מיט׳ן נאָמען פרענקלין די. רוזוועלט;
ווי משיח פון גאָט געשיקט,
האָבען די מענשען צו איהם געקוקט.

אָבער יוראָפּ האָט אַ גולם מיט מאַכט,
אַ היטלער, וואָס האָט שיער ניט די מענשהייט אומגעבראכט;
צום אָנפאנג, די אידען פערניכטען געגארט
ווען די וועלט האָט גאָרניט געהארט.

שפּעטער די קלענערע לענדער פערכאַפּט,
און קיינער האָט געוואגט צו זאָגען אַ וואָרט.
פראנקרייך בעזיגט, איהם געלונגען
ווי אויך די באלקאן לענדער איינצושלינגען.

פערגלופּט האָט זיך איהם צו לעגען די האַנד
אויף דעם מעכטיגען סאָוועטען פערבאַנד;
געוואָרען אָבער איז איהם ווערה און ביטער,
ווייל געקראָגען האָט ער אַ שווידערליכען ציטער.

דערזעהן האָט ער ווי פערקראָכען טיעף;
די געלע יאַפּאַנעזער גערופען צו הילף;
אָט די ווילדע אַזיאַטען זיינען געוואָרען א בעלן
אָהן וואָרנונג פּוירל האַרבאָר צו בעפאַלען.

דאָן האָט אמעריקא לאנג ניט געטראכט:
אן אויפרוף צו די פרייע לענדער געמאַסט;
פעראייניגט אַלע, מיט אידעאַל געטריי
צו בעפרייען די וועלט פון שקלאפערייי.

ע. גובערמאן

און מיט טרעהרען און בלוט א סך
די נאָבעלע העלדען, צוליב אייך,
בכדי איהר זאָלט לעבען גלייך מיט לייטען
געאָפּפערט זייער לעבען אין יענע צייטען.

און דערפאר מיט א געזאנג
פון עהרע, ליוב און דאנק
צו די העלדען פון פריי לעבען
וואָס האָבען זייער לעבען פאַר אייך אָבגעגעבען!

## די שבועה

מיט ליוב און דאנק
פון פרייד געזאַנג
צום פרייהייטס העלד
פון שקלאפען וועלט — אָנקעל סעם.

מיר שווערען טרייהייט
צו דיין פרייהייט
אימער שטיצען;
דיך בעשיצען — אָנקעל סעם.

צוטרוי — אכט,
אָהן פערדאַכט;
ניט פערראַטען
אייך, פרייע שטאַטען — אָנקעל-סעם.

גרייט צו געבען
אונזער לעבען;
באַ אייך מיר שווערען
איהר סטרייפס און שטערן — אָנקעל סעם.

# אַן אומזיסטיגע שרעק

אין אַ פינסטערער נאַכט
טרוים איך פערשמאַכט
פון ווילדע קולות, אין קריכצען
געמישט, מיט דונערען און בליצען.

אויף אַן אַנגעבויגענעם בריקעל
באם האַלז, העננ איך אויף אַ שטריקעל
און צעהל מיינע לעצטע מינוטען,
אַז נאָר איין גאָט זאָל אויסהיטען.

אויפגעכאַפּט זיך, און ערשטוינט געבליבען;
אַן אויסגעצויגענער בין איך זיך געלעגען
און צו זיך פון שלאָף גערעדט,
אין אַ ווייך, וואַרעם בעט.

## די שטאָדט

א מאַסען דעקלאַמאַציע

דאָס קען ווערען סצעניִרט

עס טאָגט,
מען יאָגט.
אויפ׳ן האַרצען נאָגט
אין דער שטאָדט.
ענג, פערצאמט,
מען לויפט ווי פערסמ׳ט.
סטריט קאַרס קלינגען,
נשמות זינקען.
קינדער פון סקול,
שירענגעס אָהן אַ צאָהל.
ניט ווייט אויף אַ קול
א חברה שפּילען באָל.
פילדערען, שרייען,
טשונגאם קייען.
שיפען אויפ׳ן טייך
קען מען זעהן אַ סך.
געביידעס הויך,
פון פאַבריקען אַ רויך;
ארבייטער אָהן כח.
ווי מעריזשקעס אויטאָמאָבילען
אין די אויערען גרילען.
פּלוצים קען מען זעהן
אַ טריין שנעל פירבייגעהען.
פון דער ווייטענס אַ שים,
פייפען פון פּאָלים;

אַמבולאַנסען יאָגען,
נאָכהער דער טויטען וואָגען.
בלאַסע געזיכטען,
עלעקטרישע ליכטען:
אַרטיסטען, טאַלאַנטען,
אַריסטאָקראַטען און פראַנטען,
נאַכט קלובען און דראָמס,
בעטלער און באָמס.
שמאַטעס און לאַנגע פראַקען,
פּאָליטישאַנס און קאָלאַקען.
טעאַטערען, קאַבאַרייען,
שאָפּערס און לאַקייען.
מען רויכערט, מען טרינקט,
מען טרובעט און קלינגט.
אַ געשלעג, אַ פּאַיט;
טאַבעקא מען שפּייעט.
ווי הינט, וואָיען
שיכור'ע פרויען.
סוחרים, שווינדלער,
אַלטע און קינדער,
מענשען פערשידענע:
גליקליכע און אומצופרידענע;
ווי אויך פעראַנען
אַ וועלט מיט נאַציאָנען,
פּראָפעסיעס אַלערליי
פערמאָגען זיי.
אויך רבנים, שדכנים,
חזנים, נאַראָנים,
רויבער, גזלנים.
גלייכע און קרומע,
רעדענדיגע און שטומע,

ע. נובערמאַן

הויכע און קליינע,
מיאוסע און שעהנע,
פעטע און דינע,
שוואַרצע און גרינע.
ווייסע און רויטע,
לעבעדיגע און טויטע —
אַ טומעל
ביז אין זיבעטען הימעל.
עס קאָכט ווי אין אַ באָד,
אויף יעדען ברענט די הויט
אין דער שטאָדט.
מען יאָגט,
מען פויקט;
אויפ׳ן האַרצען נאָגט
אין דער שטאָדט.

## וואָס אַזוינס איז א איד?

פונ'ם טאָג פון זיין געבוירען
ביז ער ווערט פערלוירען
מוז ער דורכגעהן אַ וועג
פון שווערע יאָהרען און טעג
אויסגעמאַטערט, אָבער ניט מיעד.
ווייל ער איז אַ איד.

טאָג איין, טאָג אוים,
זיין אויפגאַבע איז גרויס
ניט צו דערוועקען קיין שאלות
אויף אַלע זיינע מעלות.
שטענדיג יאָגט זיך, כסדר פליהט,
ווייל ער איז אַ איד.

לייגט ניט איין קיין וועלטען
ווען הערט זיינע שונאים איהם שעלטען;
ניט אין כעס
ווען זיי מאַכען שפּאַס.
גאָט בעהיט!
ווייל ער איז אַ איד.

נישט ער האָט אַ טענה
וואָס זיי זיינען איהם מקנה;
נישט קוקענדיג וואָס ער איז קליין אין צאָהל,
אַ פּלאַץ פאַרנעמט ער אַלע מאָל.
אייביג אַזוי איז דער אונטערשיעד,
ווייל ער איז אַ איד.

ווען דער שונא פלוצים זאָל אַ איד ווערען
קען איך אייך באַ וואָס הייליג שווערען

אַז ער, דער גוי,
וואָלט נישט געווען אַזוי
ווייל צו זיין בקי און געניט
מוז מען זיין אַ געבוירענער איד.

# אַ מאָדערנע קאָנגרעגיישאָן

הערט דעם סך הכל
פונ'ם גאנצען הכל בכל,
וואָס געמאַכט האָט דער אורח
— אז איינזינקען זאָל ער ווי קרח ! —
איך מיין, פון אונזער כלי קדש,
און טאָקע שבת ראש-חודש:
עובר בטול און גרייז גראַ
איז אייער רב דאָ;
און ווי אַן אַלטע באבע
קוקט אויף אייער גבאי.
און געמעגט וואָלט איהר זיך לייען
ערגץ אַ מאָדערנעם דיין.
און עס וואָלט אויך ניט געשאַט
ווען אַן אַנדערען שמש איהר וואָלט געהאַט;
אויך אויסבייטען די חזנים
פאַר קלענערע נאַראָנים,
ווייל מען קען זעהן
ווי האָהנען זיי קרייען.
און אָהן פשרות,
זיי טויגען אויף כפרות:
מערעקען ווי אַ קוה
(יענע גיבען כאָטש מילך דערצו.)
מאַכט איבער זיי אַ קדיש
ווייל זיי זיינען אַלט מאָדיש.
און איהר מוזט זיי אויסביימען
צו פאַסען היינטיגע צייטען.
ווים סאַטש אינפאָרמיישאָן
יו שעל העוו די בייסעסט קאָנגרעגיישאָן.

# אַ נס

אויב איהר גלויבט אין קבלה
אַ וועלטליכע געשיכטע איז דאָס פערבליבען,
אין ספר הזכרונות אריינגעשריבען.
אין 20טען יאָהרהונדערט איז אַ נס געשעהן:
אַ היטלער, אַ המן, וואָס איז דאַן געווען,

מיט אידייען אָהן טעם און אָהן טאָלק.
אָרגאַניזירט האָט ער דאָס דייטשע פאָלק.
מיט וואַפען מאָדערנע, און צייט געווג,
אָנגעפאנגען האָט ער אַ וועלטליכען קריעג.

באַהערשען די וועלט האָט זיך איהם געדאכט
און שיער ניט די מענשהייט אומגעבראַכט;
מיט שווינדעל, ליגען, און אַ באַנדע שפּיאָנען,
פערשקלאפט האָט ער פיעלע נאַציאָנען.

אָבער פּלוצים איז אַ נס געבוירען,
און דער רוצח האָט אַלעם פארלוירען.
אַ סגולה וואָס פערניכטעט איהם האָט זי
און דאָס איז געווען בלויז אַן אות, דער בוכשטאב „ווי“

אין ענגליש מיינט דאָס „וויקטאָרי“,
פאַר אונז אידען דער עיקר — געזיגט אבי.
אויף אונזער לשון, איז היטלער׳ס שטראָף,
געקומען פון אַ וואָוו.

## אַ טאַטענ'ס טענה

ווען מיין נדבה אַ אידען
האָט געמאַכט אונצופרידען,
איז מיר געוואָרען ניש קשה,
און געפרעגט האָב איך איהם אַ בקשה.
„אפשר איז דאָס ניט קיין נדבה א שעהנע
אָדער אפשר איז זי גאָר אַ קליינע?"
ענטפערט ער, פון מיין זוהנס נדבה
האָט ער מעהר געהאט הנאה,
ווייל ער גיט מיט מעהר געפיהל
שטענדיג צוויי מאָל אַזוי פיעל.
און איך שווער דעם אידען
ביי מיין געזונד,
אַז איך וואָלט דאָס זעלבע געגיבען
ווען איך האָב א פאָטער, ווי מיין קינד.

# אַ נקמה בירושה

אויב איהר הערט אַ שוויגער שעלטען,
לעגט ניט איין קיין וועלטען.
דאָס איז גאָר אַ קליינע בושה,
ווייל אַזוי געהט עס אָן בירושה.

נאָכ'ן חשבון, קענט איהר זעהן
אַז ווי אַ שוויגער, איז אמאָל אַ שנור געווען:
און פולווער פיעל זיך אָנגעשמעקט
ווי אויך קיין האָניג ניט געלעקט.

און זיך צו קיהלען איהר נשמה,
נעהמט די שוויגער פון איהר שנור נקמה...
און דאָס זעלבע וועט פּאַסירען
ווי לאַנג די וועלט וועט עקזיסטירען.

טאָ, אויב איהר אידען זעהט אַ שנור,
האָט קיין מיטלייד ניט מיט איהר,
ווייל אויב גאָט בענשט זי מיט אַ זוהן
וועט זי איהר שנור דאָס זעלבען טהון...

# היסטאָריע

„קומט אַריבער געשווינד!
מיין ווייבעל איז ניט געזונד.
עטוואָס האָט מיט איהר פּאַסירט"; —
אַזוי מיין דאָקטאָר האָב איך טעלעפאָנירט.

און זיין פראגע אויף מיין געשריי,
„וואָס אַזוינס טהוט איהר וועה?"
געלאָזט איהם וויסען האָב איך קאטעגאָריש
אַז איהר קרענק איז היסטאָריש.

„ניט היסטאָריש, מיינסטו;
פיללייכט היסטעריש, דענקסטו."
„עובר־בטל בין איך נאָך ניט,
און וואָס איך רעד, ווייס איך גוט.

גאַנצע נעכט, נאָר זי רעדט
בלעבעלט מעשיות מיר אין בעט.
אַזוי, איז ניט היסטעריש איהר קרענק,
נאָר היסטאָריש, ווי איך דענק."

## אַ זיי־געזונט

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען, ווי דער טאָג איז דיר גרויס,
יאָגט זיך סענדער, מיין לאַנדסמאַן, ווי אַ פערסמ׳טע מויז.
צוטומעלט, פערזאָרגט, שטעקט ער זיין האַנד,
וואו נאָר, און וועמען עס איז איהם בעקאַנט.

„איך קום זיך געזעגענען מיט אייך דאָ היינט.
פערבלייבט מיר געזונד, איהר אַלע גוטע פריינד.
אויך לאָזט גריסען יעדען איינעם,
אייער גאַנצע משפחה — פאַרגעסט ניט קיינעם.״

און איך טראַכט זיך: ווי קען דאָס אַזאַ שלים־מזל׳דיגע בריאה
ווי סענדער דער קבצן מאַכען אַ נסיעה?
וואָס איז דער ליארם, און דער טאַראַראַם?
וואוהין אַזוינס פאָהרט ער עס, אויף יענער זייט ים?

„חלילה״, ענטפערט ער, „גלאַט אין אַ קאָנטרי, ניט ווייט.
איך מוז עס מאַכען בקיצור, ווייל איך האָב ניט קיין צייט.
אַט־אַהין מוז איך לויפען גיך
ווייל דאָרט אַ גראָסערי סטאָרקע געקויפט האָב איך זיך.״

## אַ אידענ׳ס וואונש

פאנגט א איד זיינע קינדער יאדען
אַז בעשלאָסען האָט ער זיך צו שמד׳ען.
מיט געשרייען און אַ געוואַלד,
„א גלח ברענגט מיר באלד!"

„טאַטע! ביזט אויפ׳ן טויטען בעט",
האָבען די קינדער צו איהם גערעדט.
אומזיסט געווען זייערע טענות;
געבליבען איז ער אויף זיינעם.

דערפילט געוואָרען זיין בקשה.
מיט אַ גראָבען גלח און א דרשה
אָבגעשווענצעלט, נאָך זיין געבאָט,
און ערקלעהרט איהם שוין געשמד׳ט.

דאַן, צופרידען מיט אַ שמייכעל,
ערקלעהרט די קינדער דעם תוך פון שכל:
„מיין גאנץ לעבען א פרומער איד געווען,
און יעצט אויף יענער וועלט מוז איך געהן.

אויב איך מוז זיך שוין אָבטראָגען,
זאָל מען שוין בעסער אויפ׳ן אָרט פון א
איד, אַ גוי בעגראָבען.

## פערשפעטיגט זיך

אין טעאטער מוז ער געהן
די זעלבע פיקטשע זעהן.
מיט אַזוינע דיבורים, אומצופרידען,
הער איך פון אַ אידען.

און ער נעהמט זיך מיר ערקלעהרען
מיט כּוונה; איך מוז אויסהערען
אז אין אַ סצענע אַ שעהן מיידעל
ווארפט אראָפּ פון זיך דאָס קליידעל;

גרייט צו כאַפּען דאָרט אַ שווים.
אז דער אָטעם פערכאפּט אזש איהם.
צו זיין שלים-מזל, אָבער, אלע מאָל
זעהט ער זי שווין אין דעם פּול.

ווייל א טריין א לאנגע מוז אָנקומען
און ווען פערביי, האלט דאָס מיידעל שוין אין שווימען.
געה איך. „אפשר”, טראַכט איך ניט אומגערן,
„ועט אמאָל די טריין פערשפּעטיגט ווערען.”

## שניידערישע טענות

צו אַ שניייידער אַ בעל־בית,
מיט דיבורים „סטייטש, פאַר וואָס?
שוין פינף יאָהר, נאָך אלץ אַ בעלפער!״
טענה'ט צו איהם זיין לעהרע־יונג דער העלפער.

„גאַנץ פשוט, מתמיד פיינער!
ווילסטו זיין אַ תלמיד מיינער?
בלויז דריי הלכות מוזטו וויסען:
לאטכענען און א גלעזעל אריינגיסען,

און די הויפט זאך אַ גוטער שניידער.
נאָר וועדליג די מעשה, ליידער
די ערשטע צוויי
קענסטו גוט שוין זיי!

אָבער צו זיין אַ שניידער אַ בעל־מלכה
איז אַ שווערע הלכה.
און ביז ועסט זיין אַלרייט
אָבגעבען מוזטו נאָך מעהרער צייט.״

# אַ מיתה־משונה

אין אַ שעהנעם טאָג
א גראָבער דייטשאָק,
רייסענדיג אויף זיין האלז,
טענה'ט מיט גרויס שטאָלץ:

„צו אונז געהערט דער זיעג
אם ענדע דיעזען קריעג.
בלויז דער דייטש בלייבט העלד
אויף דער גאַנצער וועלט."

און נעהמט זיך ברייען און אויסטייטשען
אז נאָר זיי נעהמען עס, די דייטשען,
און באַמערקט אין זיין שמועס
אז פערנעהמען האָבען זיי שוין פאריז!

און עס האַלט שוין גאָרניט ווייט
צו נעהמען לאָנדאָן, מיט דער צייט.
און זיינע בייזע אויגען פינקען:
כאָטש די וועלט איינצושלינגען.

ניט טראַכטענדיג לאנג,
זאָג איך איהם, אין איין גאנג:
טאָ, ווען זשע איהנען
"אַנגענעם זיי שוין אַ מיתה־משונה?"

כאַכפּט ער באַלד אין גיכען
אויף זיין טשאַרט דעם פּלאַץ אויסזוכען;
און טראַץ דעם וואָס דעם פּלאַץ
כאָטש ער האָט עס ניט געפונען,
פאַרשפּראָכען האָט ער עס שנעל צו נעהמען.

# שאר ירקות

גלייכער רעדען אידיש צו דער זאך
איידער ענגליש מיט גרייזען א סך.

*　　*　　*

זוכט איהר אַן ארכיטעקט, זוכט צווישען אידען קודם:
זיי פיהרען אייך צונויף פיער ווענט,
שטעלען אייך אויף אַ קוימען,
און סוף כל סוף לאָזט זיך אויס אַ בוידעם!

*　　*　　*

פאַרגעסט אין דייטש
און נעהמט אַן די טייטש:
עסען, נישט פרעסען;
טרינקען, ניט זויפען;
שלאָפען, נישט פופען.

אַ נאַר בלעבעלט א סך;
אַ קלוגער, קורץ און צו דער זאַך.

*　　*　　*

זאָל דיר ניט זיין קיין וואונדער
אויב פערשטעהסט ניט דיינע קינדער;
די מניעה איז בלויז אין איין זאַך:
מוזט זיך אויסלערנען רעדען זייער שפראַך.

אויב דו ווייסט דעם אונטערשיעד, איז שוין גענוג:
אַן עזעל איז נאַריש און אַ פוקס איז קלוג.

*　　*　　*

דאָס לעבען איז אַ חלום;
דו דרימעלסט זעהר לאַנג;
וועקט מען דיך אויף, געהפּט אַ גאַנג!

*　　*　　*

פאַמיליען שמערצען:
קינדערלאַך צייהן שמערצען,
גרויסע קינדער האַרץ שמערצען,
מוטער שמערצען,
פאָטער׳ס קאָפּ שמערצען,
און זיידע׳ס נירען שמערצען.

*　　*　　*

צוליעב דער פעדער
זעצט מען דיך אַמאָל אין חדר.

*　　*　　*

אויב עס געהט ניט ווי איהר ווילט, הערט:
לאָזט עס געהן ווי עס געהט.
גרויס מיינט ניט הויך,
דין מיינט ניט איידעל;
אַ קאָפּ אָהן אַ מח
איז ווי אַ וואָגען אָהן אַ רעדעל.

*　　*　　*

גיבסטו יענעם אַ גוטע עצה,
קלאַפּ זיך ניט אַליין אין דער פּלייצע.

ע. גובערמאן

חובות זענען דרייערליי געמאַלען:
וואָס מען וויל,
וואָס מען דאַרף,
און וואָס מען מוז בעצאָהלען.

* * *

פרויאישע טרעהרען צו ים כוואַליעס איז קיין פערגלייך
ווייל יענע זענען כאָטש אין זאַלץ זעהר רייך.

* * *

אין יענעמ׳ס טעפּעל זאָלסטו נים שפּייען,
ווייל דיין ווייבעל קען עס נאָך לייען.